פּרץ הירשביין

# דראַמען

די פּוסטע קרעטשמע

דעם שמידס טעכטער

אַ פאַרוואָרפן ווינקל

ארויסגעגעבן דורך „פּרץ הירשביין-ביכער-קאָמיטעט"
ניו-יאָרק — לאָס אַנדזשעלעס, 1951

**PERETZ HIRSHBEIN**
*"DRAMEN"*





Printed in U. S. A., at
ABER PRESS, INC.
225 Varick St., New York 14, N. Y.

# אינהאַלט:

## פערזאָנען:

בענדעט, אַ ישובניק, האַנדלט מיט פערד.

כיענע, זיין ווייב.

מייטע, זייער טאָכטער.

שאַכנע, זיין פאָטער.

איציק, זיין ברודערס אַ זון.

ציפקע, איציקס אַ שוועסטער.

אייזיק, בענדעטס אַ שכן, אַ קרעטשמער.

לייבוש, זיין זון.

נאָענטע ישובניקעס, געסט, סוחרים, אומבאַקאַנטע
מענטשן, כלי זמר.

# ערשטער אַקט

**ביי בענדעטן. רעכטס אַ גרויסע שטוב געדעקט מיט שטרוי. פאַרן טיר אַ בריקל. פון שטוב, מער צו לינקס, ציט זיך אַ גרויסע שטאַל, וואָס עפנט זיך מיט אַ טויער. ווען מען עפנט די שטאַל, זעען זיך דאָרט פערד. אינעם הינטערגרונט אַ צוים. אוןביימער ביים זייט. פון דער ווייטנס זעען זיך לאָנקעס. לינקס אַ זאַמדיקער וועג מיט ביימער ביי די זייטן. ביים וועג אַ ברונעם מיט אַ קאָריטע, בהמות אָנצוטרינקען. פאַרן שטוב אַ פריזבע צום זיצן. פאַרנאַכט. פון צייט צו צייט דערטראָגט זיך פון ווייטן אַ געזאַנג פון פייגל, מהוקען פון קי, קוואָקען פון קאַטשקעס.**

**שאַכנע** (אָנגעטאָן אין ווייסע לייוונטענע הויזן און אין שטיוול; פון אויבן אַ גרויסער טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית. אויפן קאָפּ אַ יאַרמלקע. ער באַווייזט זיך אין דער שטוב־טיר. ער פירט אַ קעלבל פאַר די אויערן. דאָס קעלבל רייסט זיך צוריק אין שטוב אַריין, ער איז זייער אַלט און קען זיך ניט אַן עצה געבן. ער רעדט צום קעלבל): **אָנגעפּויעט דיך, גיי זשע צוריק אין שטאַל אַריין... ציפּקע! מיין קלוגע אייניקל. ווּעסט העלפן דעם זיידן דאָס קעלבל אין שטאַל אַריין צו פאַרטרייבן. די מומע וועט קומען, וועט זי שרייען, נאַכסאָל מען האָט עס אין שטוב אַריינגענומען... און, אַז מייטע וועט קומען... ציפּקע... ציפּקע...**

**ציפּקע** (אַ שוואַרץ מיידל מיט געקרייזלטע האָר קומט צו לויפן פון שטאַל באָרוועס): **מיט אַ רוט וועל איך זי שמייסן און דו, זיידע, פיר זי ביי די אויערן, אָט אַזוי, אָט אַזוי...**

שאַכנע: אָפּ, אָפּ, אַט אַזוי; וועט עס זיין אַ תנאים; אָפּ, אָפּ, אַט אַזוי.

ציפּקע: וואָס איז דאָס קעלבל נעבעך שולדיק, אַז ביי מייטען דאַרף זיין תנאים?

שאַכנע: אָפּ, אָפּ, אין שטאַל אַריין.

(ער טרייבט דאָס קעלבל אין שטאַל.)

ציפּקע: פאַרוואָס, זיידע, פאַרסטו קיינמאָל צו אונדז נישט אַראָפּ? מיינסט, ביי אונדז וועט דיר זיין שלעכט?

שאַכנע: כ׳וועל נאָך ביי אייך אויך זיין. דיין טאַטע פיניע איז מיר אַ זון און דיין פעטער בענדעט איז מיר אַ זון.

ציפּקע: טאָ פאַרוואָס פאַרסטו נישט צו אונדז?

שאַכנע: באַנ׳אייך איז שווער אויפצושלאָגן אַ מנין שבת. דיין טאַטע קען דאַוונען אָן אַ מנין אויך. נאָר כ׳וועל קומען, כ׳וועל קומען. גאָט וועט געבן, נאָך מייטעס חתונה; ביי דיר, אם ירצה השם, וועט תנאים זיין, וועסט אַ כלה ווערן...

ציפּקע (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.)

שאַכנע: וואָס לאַכסטו, קעלבעלע! ווי ווייט איז פון פופצן ביז זעכצן?

ציפּקע: איך בין נאָך אינגאַנצן פערצן יאָר אַלט.

שאַכנע: און ווי ווייט איז עס פון פערצן ביז זעכצן? יעמאָלט וועט דער זיידע אַראָפּקומען, וועט ער זיך עס אויספּוצן און טאַנצן מיט אַ פלעשעלע אויפן קאָפּ. (ציפּקע לויפט אין שטוב אַריין.) אַוואוהין, ציפּקע?

ציפּקע (קומט מיט אַ פלעשל אין האַנט): אַנו, באַווייז, ווי דו וועסט טאַנצן מיטן פלעשל אויפן קאָפּ.

שאַכנע: ביסט אַ קעלבעלע. נישט מיט אַזוינס טאַנצט מען. דאָס פלעשל באַדאַרף זיין פול מיט דעם בעסטן וויין. און אַרום דעם זיידן זאָלן שטיין אין קאַראַהאָד דער חתן מיט דער כלה און אַלע מחותנים, האַלטן זיך האַנט ביי האַנט און אָנגעטאָן אין שבתדיקע בגדים — יעמאָלט וועט דאָס פלעשל אויפן זיידנס קאָפּ איינשטיין, ווען ער וועט טאַנצן. כי־כי־כי — דאָס איז דאָך דאָס פלעשל, וואָס מען האָט דאָס קעלבל געפּויעט, נאַרעלע דו.

ציפּקע: און ביי מייטען צו די תּנאָים וועסטו טאַנצן?

שאַכנע: אפשר... גאָט ווייסט, ווען איר חתונה וועט נאָך זיין. דער פעטער עקשנט זיך און מיר געפעלט עס גאָרנישט... (עס דער־טראָגט זיך פון ווייטן אַ שאַרפער צוויי־קלאַנגענדיקער פייף פון אַ פויגל.) אַ שאָד, ס'וועט שוין מאָרגן ווידער רעגענען.

ציפּקע: פון וואַנען ווייסטו עס?

שאַכנע: הערסט דאָך, ווי ער פייפט; ס'איז פאַר אַ רעגן. (אין שטאַל מעקעט דאָס קעלבל.) וואָס ווילסטו דאָרט? כ'וועל דיך אויפן גראָז נישט אַרויסלאָזן! האָסטו זיך נישט באַדאַרפט אַזוי פאַרשפּעטיקן. פאַר פּורים ווערט מען געבוירן, נישט אַ שטיק נאָך פּסח. וואָלסטו נישט אַזוי שפּעט געבוירן געוואָרן, וואָלסטו שוין איצטער מיט דיין מאַמען אויפן לאָנקע אַרומגעבריקעוועט. נאָכסאָל האָסטו זיך אַזוי פאַרשפּעטיקט?... כּי־כּי־כּי — זעסט, ציפּקע, ס'איז שטיל געוואָרן. כּי־כּי־כּי, עס הערט זיך איין; עס פאַרשטייט... קלייב אָן, מיין קינד, הינטערן שטוב טרוקענע שפּענער. די מומע וועט קומען, וועט זי אַ פייער אויפלייגן און קאָכן וועטשערע.

(ס'הערט זיך דאָס הירזשען פון פערד, לינקס, הינטערן שטוב.)

ציפּקע: דער פעטער פאָרט!

(לויפט צום וועג.)

שאַכנע: אַליין?

ציפּקע: אייזיק איז אויך מיט אים געקומען.

בענדעט (אַ פעסטער ישובניק, אין אַ לאַנגן קאַפּטן און מיט אַ שטריק אונטערגעבונדן, קומט אָן מיט אייזיקן.)

אייזיק (אַ בלאָנדער ישובניק, אַ ביסל דער רוקן געבויגן.)

בענדעט: קיינער נישטאָ אין דער היים אַ חוץ אייך?

ציפּקע: איך און דער זיידע.

אייזיק: דאָס איז, מסתּמא, דיין פּיניעס אַ מיידל?

בענדעט: פאַרוואָס, ציפּקע, ביסטו נישט געגאַנגען מיט דער מומען אין דאָרף אַריין?

ציפּקע: אַזוי, כ'האָב געוואָלט בלייבן מיטן זיידן.

שאַכנע: נאָכסאָל איז דער פערד אויפן וועג געבליבן? זאָל מען אים אויסשפּאַנען.

**בענדעט:** דער טייוול וועט אים נישט כאַפּן. זע, ציפּקע, אין קעלניע איז גראָז פאַראַנען, וועסטו אים אונטערוואַרפן.

**ציפּקע** (גייט אַרויס צום וועג.)

**שאַכנע:** זאָל מען אים אויסשפּאַנען.

**אייזיק:** מיר וועלן נאָך שפּעטער אין ערגעץ פאָרן. — בענדעט! פרעג אים, דעם אַלטן, לאָמיר הערן, וואָס ער וועט אויף דעם זאָגן.

**בענדעט:** ער וועט געוויס נישט וויסן. מיט דער אַלטער מיינער וועט נאָך אויך זיין אַ שווערער עסק. טאַטע! איך וויל ביי דיר עפּעס פרעגן.

**שאַכנע:** כי־כי־כי — צום טאַטן מיט אַן עצה — באַ, מסתּמא אַ מעשׂה.

**אייזיק:** וועט איר, ר׳ שאַכנע, פאַרזוכן מיין טאַבאַק?

(דערלאַנגט אים זיין טאַבאַק־פּושקע.)

**שאַכנע** (טוט אַ שמעק טאַבאַק, פאַרגאַפט פון תענוג)**: אָט, דאָס איז אַ בחיר! אַליין געריבן? האָסט מסתּמא אַ גוטן שטיין. דאָס איז בחיר; מעגסט אים, בענדעט, פאַרזוכן, איך סדאָנזשע אים שוין נישט אַזוי איינצורייבן.**

**בענדעט:** איצטער, טאַטע, הער זשע אויס מיט קאָפּ.

(מיט געטומל און געלעכטער רייסן זיך אַריין מייטע און ציפּקע. קומען פון וועג.)

**מייטע** (טראָגט אויפן פּלייצע גראָז, אין אַ פלאַכטע איינגעבונדן. זי באַמערקט אייזיקן, ווערט זי אומעטיק; וואַרפט אים אַ ברוגזן בליק. בענדעט מערקט עס.)

**בענדעט:** וואו איז די מאַמע?

**מייטע:** זי גייט שוין אַהיים.

**ציפּקע:** איך וועל איר לויפן אַנטקעגן.

(פאַרשווינדט.)

**ביינדעט** (צו מייטען)**:** טראָג די גראָז אין שטאַל אַריין.

**מייטע** (טראָגט דעם פּאַק אין שטאַל אַריין.)

**שאַכנע:** זאָלסט דאָרט דאָס קעלבל נישט אַרויסלאָזן.

(גייט צום שטאַל.)

אייזיק: איז מיט אַ האָנער.

בענדעט: איז דאָך מיינע אַ טאָכטער. אָט ווי דו זעסט — די ערד ציטערט אונטער דעם.

אייזיק: אַזעלכעס באַדאַרף איך.

בענדעט: צווישן זיך גערעדט, איז עס אַ ביסל פּאַר דיר אַ צו טייערע סחורה. עס טרעפט נאָך אַ מאָל, אַז די קו וויל פון שטאָל נישט גיין, אַ־אַ, ווי עס טרעפט... אָט גייט זי שוין, די אַלטע מיינע. וועסט שוין דאָ בלייבן איבער וועטשערע. מען וועט זיך אינאיינעם גוט דורכ־שמועסן — דערנאָך ווערסטו פאָרן אַהיים מיט אַ קלאָרער תשובה.

כיענע (קומט אָן.)

ציפּקע (טראָגט איר נאָך אַ פּאַק גראָז אין אַ פּלאַכטע איינגע־בונדן.)

כיענע: אָט איז ר׳ אייזיק, אַ גאַסט, אַ גאַסט. וואָס הערט מען עפּעס ביי אייך?

אייזיק: אַלדאָס גוטס.

כיענע: איך וועל גיין אין שטוב אויפלייגן אַ פייער און איר, ר׳ אייזיק, וועט דאָך מסתמא בלייבן ביי אונדז איבער וועטשערע?

(גייט אין שטוב.)

בענדעט: געוויס וועט ער בלייבן.

אייזיק: מהיכא תיתי.

(זעצן זיך אויפן פריזבע.)

בענדעט: פאַרשטייסטו מיך, ווי מען וויל קען מען זאָגן; כאָטש נישט ווי מען וויל קען מען טאָן.

אייזיק: אַנטקעגן וואָס זאָגסטו עס?

בענדעט: אָט טאַקע מכּות דער פּוסטער קרעטשמע, מכּוח מיין בת־יחידה; ס׳איז פאָרט נישט אַ פערד צו פאַרהאַנדלען.

מייטע (קומט אָן): איך וויל, אַז מען זאָל דאָס קעלבל האָדעווען.

בענדעט: טראָג אַריין די גראָז אין שטאַל. די מאַמע האָט גע־בראַכט צו טראָגן.

מייטע: אויף דעם איז גאָר גוט צו זיצן.

(זעצט זיך.)

שאַכנע (קומט אָן): וועט עס זיין אַ תּנאים! אַ בחיר פון אַ קעלבל.

מייטע: ביי וועמען תּנאים?

שאַכנע: כי־כי־כי. ביי מיר ט׳זיין אַ תּנאים.

מייטע: וואָס פאַר אַ תּנאים, טאַטע?

בענדעט: ביי מיר אַ תּנאים.

(אַ געלעכטער.)

מייטע: קום צו מיר, ציפּקע.

(ציפּקע זעצט זיך לעבן איר, שטיפן ביידע.)

בענדעט: וואָס מיינסטו, טאַטע, מכּוח דער קרעטשמע?

שאַכנע: וואָס פאַר אַ קרעטשמע? יענע?

אייזיק: דאָרט ביים ברעג, די פּוסטע.

בענדעט: כ׳מיין, אפשר, וואָס זאָגסטו, טאַטע?

שאַכנע: אונטערצינדן זי און גאָר. וואָס דען קענסטו מיט איר מאַכן? וועסט זיך מיט „זיי״ אָנהייבן דאָרט...

מייטע: אָ־אָ, איך אויף מיין טאַטנס אָרט וואָלט זי שוין לאַנג אונטערגעצונדן.

אייזיק: אונטערצינדן גאָר?

בענדעט: צינדן איז נישט נייטיק. דער אָרט איז שולדיק.

שאַכנע: געוויס איז דער אָרט שולדיק.

ציפּקע: דאָס איז די קרעטשמע, וואו ביי נאַכט ווערט אַליין פון זיך ליכטיק?

בענדעט: אַט, זעסטו, אַפילו זי ווייסט אויך פון דעם.

אייזיק: אַלץ אויסגעטראַכטע מעשׂיות! נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. ווער, למשל, האָט געזען, אַז דאָרט זאָל אַ מאָל ליכטיק זיין?

בענדעט: כאַ־כאַ־כאַ, כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת; איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל און ס׳איז דאָך מיינער אַ בנין, נאָר אַז איך פאָר דאָרט דורך אַ מאָל ביי נאַכט, ס׳איז פינצטער — איז עפּעס נישט ווילנ־דיק גיב איך אַ קנאַק מיט דער בייטש, דער פערד זאָל טריט שטעלן...

נאָר ס'איז גאָרנישט; אַז מען האָט נישט באַדאַרפט — איז עס געשטאַנען, און איצטער וועט מען קיינעם נישט הערן און מען וועט עס אַראָפּפירן פון דאָרט.

כיענע (קומט אַרויס.)

מייטע: מאַמע, ר' אייזיק וויל אָפּקויפן די פּוסטע קרעטשמע.

כיענע: איר זאָלט עס זיך ניט דערוועגן צו טאָן. כאָטש ס'איז מיינס — נאָר כ'היס נישט, כ'וויל אייך אין קיין בלאָטע נישט אַריינפירן.

בענדעט: אָט, הער זי, וואָס זי פּלאַפּלט.

שאַכנע: עך, וואָלטן „זיי" זיך עס צעשפּילט, ווען מען צינדט זי אונטער.

כיענע: איר זאָלט עס נישט טאָן, ר' אייזיק, ס'פעלט אייך נאָך מער נישט.

אייזיק: ס'האָלט נאָך נישט דערביי; כ'וויס, מען רעדט. איך זאָג, אַז מען זאָל דעם בנין פון דאָרט אַראָפּנעמען און איבערבויען אויף אַן אַנדער אָרט, ווייל איך מיין, אַז דער בנין אַליין איז גאָרנישט שולדיק.

בענדעט: געוויס. דער אָרט איז שולדיק.

כיענע: און פאַר וואָס איז דאָבע פאַר דער צייט אין דער ערד געגאַנגען?

בענדעט: וואָס דאָבע איז אין דער ערד געגאַנגען — מען ווייסט דאָרט זייער... וואָס מיינסטו, טאַטע, אַז מען זאָל די קרעטשמע פון דאָרט אַראָפּנעמען — אָט אַזוי ווי זי שטייט און גייט? כ'מיין, מען זאָל זי צענעמען, איבער אַ נייס אויפבויען, אויף אַן אַנדער פּלאַץ, פאַרמאַכעווען מיט פרישן מאָך — אָדער איך וואָלט זי גאָר מיט מאָך נישט טשעפּען — דער מאָך וואַקסט ערגעץ אויף די בלאָטעס, צו אַלדי שוואַרצע יאָר — כ'מיין, מיט נייע פאַקעליעס פון פלאַקס פאַרשלאָגן; דעם דאַך מיט שינדלען דעקן, נייע פענצטער אַריינשטעלן?...

מייטע: און נייע שדים וועלן דאָרט טאַנצן.

אייזיק: און טאַקע נייע שדים, יונגע שדים וועלן דאָרט טאַנצן.

(ער ווינקט מיט אַ גנבישן שמייכל אַ מאָל צו בענדעטן און אַ מאָל צו מייטען.)

מייטע: איך פֿאַרשטײ שוין וואָס איר מיינט.

בענדעט: וואָס פֿאַרשטייסטו און וואָס ווייסטו!

אייזיק: ער געפֿעלט איר, דעריבער לאַכט זי.

כיענע: איך פֿאַרשטײ נישט, וואָס זי לאַכט.

בענדעט (צו מייטען): נו, גענוג דיר שוין דאָרט צו לאַכן.

ציפּקע (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער אויף מייטען קוקנדיק.)

בענדעט: וואָס לאַכט איר?

מייטע: אַך, וועט עס שוין זיין אַ פּאָר שדים!

אייזיק: וואָס, עס געפֿעלט דיר אפֿשר נישט מיין לייבוש? נישטאָ מיט וועמען זיך צו שעמען. ער וועט נאָך טרעפֿן, ווי אַ פֿערד דעם עק צו פֿאַרבינדן.

בענדעט: וואָס אַן אמת איז אַן אמת. ער געפֿעלט מיר. לענגער, ווען מען האָט באַדאַרפֿט באַקוקן דעם פּריצס וואַלד — כ'האָב פֿון דער ווייטנס אַכטונג געגעבן. אַ כוואַט איז ער, נישטאָ וואָס צו רעדן.

אייזיק: שווייגט און אַרבעט. ערד — איז ערד; מסחר — איז מסחר; אַ פֿערד — איז אַ פֿערד; אַ בהמה — איז אַ בהמה. ער וועט שוין אין קיין זאַך זיינע פֿינגער נישט פֿאַרשטעכן.

כיענע: וואָס אמת איז אמת.

שאַכנע: הערסטו, אייזיק, ווען דו וואָלסט מיר אַ פּושקעלע טאַבאַק איינגעריבן. איך געדענק גאָר נישט אַזאַ בחיר.

אייזיק (דערלאַנגט אים אַ שמעק טאַבאַק): איך וועל נאָר אַ ביסל צייט האָבן, מאַך איך עס פֿאַר אייך. נו, וואָס זאָגט איר, ר' שאַכנע?

שאַכנע: אַ בחיר פֿון טאַבאַק.

(אַלע לאַכן.)

אייזיק: איך פֿרעג, וואָס מיינט איר מכּוח דעם, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געשמועסט?

שאַכנע: וואָס קען איך מיינען? כּי־כּי — אַ שׂמחה איז אַ שׂמחה. וואָס איז צו האַלטן דאָס קעלבל אין שטאַל?

כיענע: דער אַלטער פֿאַרשטייט זיך אַלץ אויף זיין שטייגער. נאָר דו, בענדעט, האָסט זיך עפּעס צו גרינג געלאָזט איבעררעדן. זי לאַכט, זי מיינט, אַז דאָס איז נאָר חוזק — איך קען דיין טאָטן.

בענדעט: פאַרשטייסט, דער טראַקט איז אַ שאָד. זינט ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די ירידים אין אונדזער געגנט, האָט דער גאַנצער וועג אָפּגעלעבט. און מען באַדאַרף עס פאַרכאַפּן. איך געדענק נאָך מיט צען יאָר צוריק, מיט דעם אייגענעם וועג, איז רעכט געווען אַ טאָג מיט אַ נאַכט צו פאָרן און האָסט נישט באַגעגנט עפּעס אַ מענטשן פון דער ווייט; עס זאָל עמיצער מיט אַ גלאָק דורכפאָרן. האָסטו עמיצן באַגעגנט, איז עס געווען אַ פּויער פון דעם אייגענעם דערפל; האָסטו אים געזאָגט „דזשען דאָברי״ אָדער ער דיר האָט „דזשען דאָברי״ געזאָגט, אַ שמעק טאַבאַק געטאָן איינער פון דעם אַנדערנס פּושקע און ווייטער געפאָרן — וואָס איז דען פאַראַן צו רעדן? איצטער פאָרסטו מיטן וועג, באַגעגנסט אומבאַקאַנטע מענטשן פון דער פרעמד, פון אַנדערע שטעט. מען קנאַקט מיט דער בייטש. פערד צו דריי געשפּאַנט, די גלאָק קלינגט — און מען טראָגט זיך. אַ רעכטע קרעטש־מע וואָלט עס אַלץ צונויפגעקליבן, וואָלט מען געוואוסט, וואוהין אַ ייד פאָרט און נאַכסאָל אַ ייד פאָרט. און דערצו נאָך אַ ייד איז מסחר. וואו ער קומט איז מסחר. — מיר געפעלט עס, וואָס האָב איך דאָ צו לייקענען?...

אייזיק: ווי איך בין אַ ייד, בענדעט, אַז איך האָב שוין אַ סך מאָל געטראַכט וועגן דעם. מיינסטו, אַז איך האָב דאָס נישט אַרויס־געזען?

כיענע: וועסט, מייטעלע, מיין קינד, זען, אויב עס קאָכט זיך.

מייטע (גייט אין שטוב אַריין טרויעריק.)

כיענע: פאַרשטייט איר מיך, ר׳ אייזיק, אָט אַזוי ווי איר זעט, איז עס בלוט און מילך און עס באַדאַרף נאָר דאָס שטיקעלע מזל. וואָס פאַרלאַנגען מיר דען פון אירעט וועגן? אַ בת־יחידה, ס׳וואָלט זיך נישט וועלן פון אויג אַראָפּלאָזן. און אַז ס׳מאַכט זיך אַזוי פון דער נאָענט, איז עס אַ זאַך. איך ווייס אָבער נישט, וואָס ער וועט אויף דעם זאָגן, זיין ברודער פּיניע, — און דערצו נאָך איז דאָך עס כּמעט שוין ווי אַן אָפּגערעדטע זאַך...

בענדעט: דאָס וועט ניט זיין! אומזיסטע דבורים, כיענע. אָט זיצט אַפילו מיין ברודערס אַ טאָכטער און איך זאָג, אַז כ׳באַדאַרף עס נישט.

כיענע: איז נישט. כ׳האָב מער נישט ווי געזאָגט.

בענדעט: ער באַדאַרף צו מיר אין שטאָל אַריין נישט קריכן; פאַרשטייסט? ווי דער חשד איז נאָר געפאַלן אויף אים, האָב איך געזאָגט — נישט! ער איז מיט מיר מער קיין מחותן נישט — און נישטאָ פון וואָס צו רעדן.

כיענע: מען באַדאַרף נאָך ביי איר אויך פרעגן.

אייזיק: געוויס באַדאַרף מען.

בענדעט: וואָס מען וועט הייסן, וועט זי טאָן. טאַטע־מאַמע וועלן זייער קינד אין קיין גרוב נישט אַריינוואַרפן.

ציפקע (שפירט זיך נישט באַקוועם פון דעם שמועס. גייט אין שטוב אַריין.)

כיענע: אַ מענטש קען זיך נישט איינהאַלטן; זעסט, אַז אַ קינד זיצט פאַר די אויגן.

בענדעט: ווייל איך וויל נישט, דו זאָלסטו מיט מיר רעדן פון מיין ברודער און זיין בן־יחיד.

כיענע: אָבער וואָס קאָכסטו זיך אַזוי? אַז מען שמועסט פון אַ קינדס גליק, באַדאַרף מען זיך אַ ביסל רואיקער האַלטן. און ס'איז נאָך נישט באַוואוסט, ווער ס'האָט ביי דיר די פערד פון שטאָל אַרויס־גענומען.

בענדעט: גענוג דיר שוין, גענוג! וואָס, מיינסטו דען, וויל איך? איך וויל, אַז זיי זאָלן דאָ לעבן אונדז בלייבן — ס'איז מיר דער וועג אַ שאָד.

כיענע: און איך וויל זי גאָר נישט פון שטוב אַרויסלאָזן. אַ בת־יחידה. עס פעלט איר חלילה צו עסן אין דער היים!

אייזיק: אָבער פון אַ תכלית באַדאַרף מען דאָך שטענדיק קלערן, און אַז קינדער וואַקסן אויס, באַדאַרף מען זוכן אַ תכלית.

כיענע: וואָס זשע ווילט איר, ר' אייזיק? רעדט קלאָרע דבורים.

אייזיק: איך זאָג, אַז מען באַדאַרף נישט פאַרן קיין דאַנציג נאָך סחורה, ווען מען האָט עס ביי זיך אין דער היים. ווען דער עפּלבוים וואַקסט הינטערן פענצטער, באַדאַרף מען נישט קריכן איבערן פּאַרקאַן. מיין איך, אַז כ'באַדאַרף נישט זוכן פאַר מיין לייבן פון מרחקים קיין כלות. און איר, פאַר אייער מייטען, באַדאַרפט נאָך פון דאַנציג חתנים נישט אויסשרייבן.

כיענע: און הייסט עס —

אייזיק: און הייסט עס, מען וועט פאַר זיי אויסבויען אַ קרעטשמע ביים וועג, וואָס פירט צו אייך און צו מיר, און זיי וועלן זיך לעבן אַ לעבן. איר וועט פון אייער זייט אַן אויג וואַרפן און איך פון מיין זייט וועל נישט פאַרלאָזן. איך באַדאַרף פון אייך קיין נדן נישט. אייגענע מענטשן. מען פאַרשטייט זיך שוין אויפן וואונק. איך האָב שוין גערעדט וועגן דעם מיט בענדעטן, מען זאָל די פוסטע קרעטשמע פון דאָרט אַראָפּפירן און איבערבויען זי אויף דעם אָרט, וואו מען וועט געפינען פאַר רעכט... ווי הייסט, אַזאַ בנין — נאָך ווי אַ גלאָז. איך האָב אומישנע אויסגעשטשיפּעט אַ שטיקל האָלץ פון בעליק, כ׳האָב עס אין וואָגן...

(ער גייט אַפּ צום וועג.)

כיענע: הערסט, בענדעט, מען באַדאַרף זיך גוט איבערלייגן. מען טוט נישט אַזוי גיך, ווי מען רעדט. און מען ווייסט נאָך נישט, ווער ס׳האָט ביי דיר די פערד פון שטאָל אַרויסגעגנבעט. קינדער האָבן זיך ליב...

בענדעט: מען איז דאָך נאָך נישט מקבל קנין.

אייזיק (קומט, ברענגט אַ שטיקל אָפּגעהאַקטע האָלץ): זעט איר, ווי עס גיסט זיך פעך פון דעם? ווי אויף אַ בוידעם וואָלט זיך עס געטריקנט.

(אַלע באַקוקן דאָס שטיקל האָלץ.)

שאַכנע (שמעקט): ריינע קין. קען נאָך אַ סך מיט יאָרן שטיין.
(הינטערן שטוב קרייט אַ האָן.) אַהאַ, ס׳וועט זיין מאָרגן אַ רעגן.

(אַלע הערן זיך צו.)

אייזיק: הייסט עס, אַז ס׳לוינט נאָך פון אַזאַ בנין עפּעס צו מאַכן.

מייטע און ציפּקע (קומען אַרויס.)

כיענע (צו מייטען): וואָס זאָגסטו, מיין קינד? ביי דיר באַדאַרף מען דאָך אויך עפּעס פרעגן.

מייטע: איר ווייסט דאָך אַליין גוט. און לייבוש ווייסט פון דעם, וואָס איר האָט דאָ אָפּגעשמועסט? אפשר וועט ער מיך גאָרנישט וועלן?

**אייזיק:** זעט נאָר, ווי זי פאַרשטייט, פון וואָס מען האָט גערעדט. — זאָג נאָר, אַז דו ווילסט; מיט לייבושן וועט מען שוין דורכקומען.

**מייטע** (שווייגט.)

**בענדעט:** זע נאָר, ווי זי שווייגט. ווי גאָר נישט מכּוח איר וואָלט דאָ דער גאַנצער שמועס געווען.

**מייטע:** איך בין דאָך אייער בת יחידה; מסתּמא פאַרשטייט איר דאָך, אַז אַזוי וועט גוט זיין.

(לאַכט זיך פלוצלונג פונאַנדער.)

**כיענע:** וואָס לאַכסטו?

**מייטע:** איך שטעל מיר פאָר, איך וועל עס האָבן אַן אייגענע קרעטשמע. די שדים וועלן מיר אויפן בוידעם פאַרטרייבן — כאַ־כאַ־כאַ.

**בענדעט:** טפו, צו מיינע שונאימס קעפּ זאָל עס אויסגיין! ווי זי האָט זיך עס צעלאַכט.

**כיענע:** קומט, לאָמיר גיין אין שטוב אַריין עסן וועטשערע.

**בענדעט:** קום, אייזיק, אין שטוב, וועט מען דאָרט עפּעס נעמען אין מויל אַריין. פאַרשטייסטו מיך, ס'איז די שפּע אַ שאָד, שדים... ווען דאָרט, אין קרעטשמע, זאָלן טאַקע האָבן חתונות די „נישט גוטע", וואָלט דער בנין נאָך איצטער אַזוי שטאַרק נישט געווען. אַז זיי פאַר־קלייבן זיך, איז שוין אַז אָך און וויי צום בנין...

(אַלע גייען צום שטוב. פּלוצלינג הייבט זיך אָן צו הערן פון ווייטן אויפן וועג אַ גלאָק קלינגען, ווי עמיצער וואָלט מיטן וועג אָנגעקומען צו פאָרן. אַלע בלייבן אַ ווײַלע שטיין, הערן זיך צו.)

**מייטע:** דאָס מוזן סוחרים פאָרן.

**כיענע:** זיי וועלן זיך דאָ נישט אָפּשטעלן. גיי זיי, בענדעט, אַרויס אַנקעגן.

**בענדעט:** דער גלאָק איז מיר גוט באַקאַנט.

**ציפּקע:** ער איז שוין באַלד דאָ.

**אייזיק:** מסתּמא פון אַ יאַריד מיט פערד.

**כיענע:** גיי, בענדעט, אַרויס און זע, ווער עס פאָרט.

**מייטע** (גייט אַרויס צום וועג און פאַרשווינדט. דאָס קלינגען

ווערט שטיל. מיט אַ מאָל דערהערט זיך אַ גלאָק ווידער און עס זעט אויס, זוי עמיצער וואָלט זיך דורכגעיאָגט הינטערן שטוב, אויסמיידנדיק די קרעטשמע. אַלע גייען צום וועג אַרויס.)

**ביענע: זעט נאָר, מייטע איז נישטאָ! ווי די פערד האָבן זיך עס צעטראָגן! וואו איז מייטע?**

**ציפּקע: זי איז אין וואָגן... דאָרט איז דאָך איציק. איך דערקען איציקס בריטשקע. דריי פערד געשפּאַנט!**

**בענדעט** (בייז): **וואָס איז דאָס פאַר אַן איינפאַל? ווי קומט זי צו אים אין וואָגן אַריין?**

**ביענע: גאָט מיינער, וואָס איז דאָ אַזוינס?**

**ציפּקע: אַז איך זאָג אייך, דאָס איז איציק. זעט, זיי פאַרקירעווען זיך צוריק. אָט פאָרן זיי אַהער, זיי וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן.**

**בענדעט: טפו, צו מיינע שונאימס קעפּ זאָל עס אויסגיין! איך האָב פיינט אַזעלכע מעשׂיות.**

**ביענע: טאָקע איציק.**

**בענדעט: זי וועט שוין פון מיר כאַפּן. וואָס פאָרט ער צו מיר?**

**ביענע: הערסט, בענדעט, זאָלסט נישט מאַכן קיין לייטישע גע־לעכטער, ער איז דיין ברודערס אַ זון.**

**בענדעט: וואָס איז זי צו אים אין וואָגן אַריינגעקראָכן? איך וועל איר די קאָלטענעס אויסרייסן.**

**אייזיק: מאַך זיך נישט נאַריש, בענדעט! ביסט נאָך אַלץ דער אייגענער געבליבן.**

**בענדעט: איך וויל נישט, ער זאָל דאָ פאַרביי מיין שטוב פאָרן. דו, ביענע, מעגסט אים זאָגן, אַז ער זאָל דאָ מיט זיינע פערד פאַר מיין שטוב נישט פאָרן.**

**ביענע: וואָס, דער וועג איז פאַרבאָטן?**

(עס הערט זיך גאָר נאָענט צופאָרנדיק.)

**בענדעט: וועסט אים הייסן פאַרקירעווען צוריק.**

**ביענע: גיי אין שטוב אַריין, גיי.**

**בענדעט** (צום שטוב גייענדיק): **ער וועט נאָך די העזה האָבן מיר אין שטוב אַריין צו קומען.**

אייזיק (גייט אים נאָך): **האָסט זיך נישט וואָס צו היצן, בענדעט, מיט גוטן קומט מען דורך; אַזוי זאָג איך מיר מיינס.**

(גייען אין שטוב אַריין.)

**שאַכנע** (גייט אין שטוב אַריין.)

**כיענע: געוויס איציק...**

(נאָענט פון שטוב בלייבט דאָס קלינגען שטיל. פערד הירזשען. אַ הונט בילט. מען לאַכט. מייטע קומט אַריין צעהיצט און פרייליך. נאָך איר גייט איציק, וואוילערייש געקליידט. האָט אין זיך עפּעס ציגיי־נערישס. אונטערגעגאַרטלט מיט אַ פּיאַלעט־רויטן גאַרטל און מיט דער בייטש אין האַנט.)

איציק: **נו, וואָס מאַכט איר, מומע? און דו, ציפּקע, וואָס פאָרסטו נישט אַהיים? איך וועל דיך איצטער מיטנעמען. כ'האָב גאָרנישט גערעכנט דאָ צו זיין. כ'בין גאָר מיט אַן אַנדער וועג גע־פאָרן. כ'האָב אפשר אַ מייל וועג אַנגעלייגט.**

מייטע: **זיי האָבן קיינער נישט געוואוסט, ווער עס פאָרט. איך האָב דעם גלאָק גלייך דערקענט. ביי נאַכט פאָרסטו אויך מיט אַ גלאָק?**

כיענע: **צו וואָס באַדאַרפסטו פאָרן מיט אַ גלאָק?**

איציק: **מען זאָל מיינען, אַז דאָס פאָרן פּריצים אויף געיעג.**

מייטע: **מען וועט דיר נאָך באַפאַלן ביינאַכט און דעם גלאָק אַראָפּנעמען.**

כיענע: **וואָס מאַכט דער טאַטע? וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך? איר וועט, קינדער, באַלד אַריינגיין אין שטוב אַריין. וועלן מיר אינאיינעם עסן וועטשערע.**

(זי גייט אין שטוב אַריין.)

איציק: **דער פעטער איז נישטאָ?**

ציפּקע: **איך הייס דיר, איציק, באַלד פאָרן אַהיים און נעם מיך אויך מיט.** (צו מייטען) **זיי זענען אין כעס, וואָס דו ביסט צום וועג אַרויסגעלאָפן.**

מייטע: **וואָס איז ער געקומען אַהער, אייזיק?**

(נעמט די בייטש פון איציקן, קנאַקט מיט איר.)

איציק: איך וועל אין שטוב נישט אַריינגיין. דער פּעטער וועט אַרויסקומען, וועל איך אים זאָגן, אַז בעסער זאָל ער זיך זיין אייגענעם קאָפּ פאַרדרייען.

מייטע: אייזיק האָט עס צוגעקלערט דעם בלבול אויף דיר, און דער טאַטע זאָגט, אַז יענע נאַכט האָט ער געהערט צוויי מאָל, ווי מען איז מיט אַ גלאָק דורכגעפאָרן פאַרביי אונדזער שטוב, און ער זאָגט, אַז ס'האָט געקלונגען ווי דיין גלאָק, און, אַז מען האָט דערנאָך די פערד אין שטאַל נישט געפונען, האָט ער באַלד געזאָגט, אַז דאָס איז דיין אַרבעט געווען.

איציק (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער): ווער האָט עס דעם טאַטן דיינעם, דעם חכם, און מיין פעטער אַזאַ מעשה דערציילט? ציפּקע, גיי אין שטוב אַריין.

ציפּקע: איך זאָג דיר, בעסער פּאַר אַוועק פון דאַנען און נעם מיר אויך מיט.

(גייט אין שטוב.)

מייטע: איך וואָלט דיר הייסן, אַז דו זאָלסט באַלד אַוועקפאָרן. ס'וועט גאָרנישט העלפן. אַז דער טאַטע שפּאַרט זיך איין, וועט ער דאָך מסתמא זיינס אויספירן.

איציק: מיר וועלן שוין זען. איך וועל מיר נאָך היינט מיט אים אויסטענהן. זאָל ער נישט מיינען, אַז איך האָב ביי אים די פערד פון שטאַל אַרויסגענומען. איך קען אים ביינאַכט אַנדערע פערד אין שטאַל אַריינפירן און צו דיר האָט עס נישט. כ'וועל דיך ביינאַכט פון בעט אַרויסטראָגן. כ'וועל פינף פערד שפּאַנען און פון דיין טאַטנס שטוב וועל איך דיך אַוועקפירן. ער איז מיינער אַ פעטער — נאָר קיין עקשן זאָל ער נישט זיין.

מייטע: איך מיין, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן וועט אייזיק צו־שטיין, אַז...

איציק: נישט רעד מיר דערפון! מיר וועלן נאָך זען, ווער ס'וועט גיכער דעם וועג געפינען.

מייטע: זיי זאָגן, אַז מען וועט פאַר מיר מיט לייבושן איבער־בויען די פּוסטע קרעטשמע. מען וועט פון דאָרט „די נישט גוטע" אַרויסטרייבן און אונדז וועט מען דאָרט באַזעצן. כ'האָב אַליין געהערט, ווי זיי האָבן גערעדט.

איציק: און דו, וואָס האָסטו אויף דעם געזאָגט?

מייטע: איך האָב געלאַכט.

איציק: האָסט געלאַכט...

מייטע: זיי ווילן מיך אין אַ קרעטשמע אַריינזעצן, איך זאָל דעם גאַנצן טאָג זיצן אין פענצטער און אַרויסקוקן צום וועג אַרויס, אויב עמיצער פאָרט דורך.

איציק: גיי אין שטוב אַריין.

מייטע: און דו?

איציק: כ׳וועל צו אייך אין שטוב נישט גיין, כ׳וועל דאָ וואַרטן, ביז דער פעטער וועט אַרויסקומען. כ׳וויל מיר מיט אים אויסטענהן.

מייטע: וועגן מיר?

איציק: וועגן די פערד. איך וועל אים זאָגן, אַז אויב ער וויל, קען איך אים אַנדערע פערד אין שטאַל אַריינשטעלן.

מייטע: און יענע האָסטו טאַקע אַרויסגענומען?

איציק: נישט פרעג דערפון!

מייטע: נאָך וואָס ביסטו איצטער אַהער געקומען? איך האָב מורא האָסט נישט באַדאַרפט קומען אַהער היינט, פונקט אין דער צייט... צו וואָס בין איך דיר אַנטקעגן אַרויסגעלאָפן? איך האָב נישט באַדאַרפט צו דיר אין וואָגן אַריינשפּרינגען.

איציק: ווען דו קומסט נישט אַרויס, וואָלט איך פאַרבייגעפאָרן און דאָ זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט.

מייטע: איך שרעק זיך אַזוי, איציק; איך שרעק זיך אַזוי...

איציק: איך פאָר נאָך היינט נישט פון דאַנען. איך וועל זיך נאָך מיט אייזיקן אויך זען; און זיין זונעלע דער חכם — איך וועל אים באַווייזן, ווער איציק איז...

מייטע: איך בעט דיך, פאָר אַוועק. ווי גאָט איז דיר ליב, פאָר אַוועק. איך וועל דאָך פאָלגן, וואָס דער טאַטע און די מאַמע וועלן מיר הייסן; ווען איך זאָל אַפילו דעם גאַנצן לעבן באַדאַרפן וויינען.

איציק: וועסט נישט וויינען. כ׳וועל באַלד אויסשפּאַנען פון מיין בריטשקע די פאָר שוואַרצע פערד און וועל זיי אים אָפּגעבן.

מייטע: איציק, טו עס טאַקע.

**איציק:** זאָל ער וואַרטן! נישט איך האָב זיי ביי אים פון שטאָל אַרויסגענומען און דו מיש זיך נישט אין אַזעלכע זאַכן. — גיי אין שטוב אַריין.

**מייטע:** איציק...

**איציק** (אָרעמט זי, קושט זי): אָ, ווען דו ביסט נישט מיין פּע־טערס טאָכטער, איך וואָלט דיך דערהרגעט. כ׳וואָלט דיך דערשטיקט און ערגעץ ביינאַכט אונטער אַ בריק אַרונטערגעוואָרפן. טייוול דו. פון בלאָטע ביסטו אויסגעוואַקסן. און דו ווייסט פאַלגן, וואָס דער טאַטע דיינער וועט דיר זאָגן און וואָס... אָ, איך וועל דיר דער־שטיקן...

**מייטע:** פאָר אַוועק פון דאַנען.

(עס הערט זיך כיענעס שטימע פון שטוב רופט: „מייטע! „מייטע! גיי אין שטוב אַריין!״

**איציק:** גיי אין שטוב אַריין, די מאַמע רופט.

**מייטע** (וויל גיין אין שטוב.)

**איציק:** וואַרט נאָר, נישט לויף, זאָג דאָרט דעם טאַטן דיינעם, אַז איך בין נאָך נישט אַוועקגעפאָרן... אויף שטיקער וואָלט איך דיר צעריסן. דיינע ווילדע צעפ וואָלט איך דיר אויסגעריסן. (ער האַלט איר האַנט און קוקט מיט חשד אין אירע אויגן.) דו ווילסט גיין אין שטוב אַריין — גיי...

**מייטע** (גלעט זיין קאָפּ): איציק, איך וועל ערגעץ אַליין אַ פאָר פערד אַרויסגנבענען און זיי אים אין שטאָל אַריינשטעלן...

**איציק:** גענוג דיר רעדן דערפון!

(עס ווערט טונקעלער דרויסן. די פייגל זינגען.)

**מייטע** (לאַכט מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטער): אַז איך וועל זיך באַזעצן אין יענער קרעטשמע, — אָ, ווי איך וויל, אַז ס׳זאָל זיך אַזוי אויסלאָזן! איך וועל מיר אַליין מיט די „נישט גוטע״ שפּילן. איך וועל זיי אַליין ביי די צעפ אומפירן... לייבוש, קוקו!... ווייסט, איציק, אַז לייבוש איז זייער אַ וואוילער בחור? ער איז זייער אַ גוטער. אָ, וואָס פאַר אַ גוטער ער איז! אַז ער קומט אַמאָל צו אונדז, אָדער אַז איך קום אַמאָל צו זיי, קוקט ער אויף מיר מיט אַזעלכע גוטע אויגן.

**איציק** (ער וויל איר דערלאַנגען מיט דער בייטש. זי מערקט עס נישט. ער האַלט זיך אָפּ דערפון.)

**מייטע** (ווענדט זיך פלוצלינג צו אים, דאָס געזיכט פאַרשטעלט מיט די הענט, רעדט צו אים מיט פאַרבאָרגענער ליידנשאַפט): **דער־לאַנג מיר אַ כוואַשטש מיט דער בייטש אַזוי, איבער דער פלייצע, אי־בער די זייטן; אַזוי צעכוואַשטשע מיר דיביינער — דערפאַר וואָס איך בין אַזעלכע. ברול... איך וואָלט מיר אַליין די צעפּ מיינע אויס־געריסן. אָט די דאָזיקע צעפּ וואָלט איך מיר אַליין אויסגעריסן. אַז דער טאַטע רעדט, בין איך שטיל ווי אַ טייבעלע. בין איך ווי אַ הינ־דעלע שטיל און אַלץ וואָס ער הייסט פאָלג איך אים. ווייסט, איציק, אַז דו ביסט געראָטן אין מיין טאַטן און דו האָסט אים אַזוי פיינט. בעט זיך איבער מיט אים. אַז דער טאַטע רעדט, בין איך שטיל ווי אַ טייבעלע... בעט זיך איבער מיט אים. אָט גייען זיי שוין... בעט זיך איבער מיט אים.**

(נעמט פון אים די בייטש; קנאַקט.)

**בענדעט און אייזיק** (קומען אַרוים.)

**בענדעט: בלייבט עס אַזוי, מאָרגן וועט מען דינגען גוים, אַז מען זאָל די פוסטע קרעטשמע צענעמען; זאָל זיך אַ ביסל דאָס האָלץ דורכלופטערן און באַלד נאָך דער חתונה וועט מען זי איבערבויען.**

(ער מערקט איציקן, נאָר ער מיידט אים אויס.)

**איציק: כ'האָב אייך, פעטער, אָפּגעבראַכט די פערד.**

**בענדעט: מאָרגן, מייטעלע, מיין קינד, ווערסטו אַ כלה. הערסט?**

**מייטע** (שווייגט.)

**בענדעט: קום צו מיר, מיין קינד.**

**כיענע** (קומט אַרוים.)

**בענדעט: אָט איז די מאַמע, גיי צו און זאָג, אַז דו וועסט פאָלגן אַלץ, וואָס דער טאַטע און די מאַמע פאַרלאַנגען.**

**כיענע** (צו איציקן): **וואָס שטייסטו דרויסן? קום אַריין אין שטוב, וועסטו עפּעס עסן.**

**איציק: איך בין זאַט... ר' אייזיק, וואָס מאַכט אייער זון? ער ווערט באַלד אַ חתן, האָב איך געהערט...**

**אייזיק: שוין צייט.**

איציק (צו בענדעטן): איך האָב, פעטער, אָפּגעבראַכט צוריק אייערע פערד.

בענדעט: אומזיסט דרייסטו זיך דאָ אַרום.

איציק: איר זענט, פעטער, אומזיסט אויף מיר ברוגז.

בענדעט: גיי אין שטוב אַריין, דער זיידע וויל דיך זען.

איציק: איך האָב געהערט, ר' אייזיק, אַז איר ווילט פון דער פּוסטער קרעטשמע די שדים אַרויסטרייבן און דאָרט באַזעצן...

כיענע: איציק, מען טאָר עס נישט פון מויל אַרויסברענגען.

איציק (גייט צו בענדעטן): פעטער, איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן פון אייערע פערד.

בענדעט (שאַרף): און איך וועל דיר מיין טאָכטער נישט געבן!

כיענע: בענדעט...

בענדעט: מייטע וועט מאָרגן־איבערמאָרגן ווערן אַ כּלה פאַר אייזיקס זון און פון דער פּוסטער קרעטשמע וועט מען די שדים אַרויס־טרייבן — ס'איז קיינעמס דאגה נישט!

איציק (לאַכט).

בענדעט: און אַז איך פרעג מיט גוטן, אַז מען זאָל מיר זאָגן, ווער ס'האָט פון שטאָל די פערד אַרויסגעפירט — זאָגט ער מיר, אַז ער וועט אַנדערע פערד אָפּגעבן. (ער לאָזט זיך צו איציקן.) זאָלסט מיר זאָגן, וואו די פערד מיינע זענען?! מיינע פערד וואו זענען?!

כיענע: בענדעט, גאָט איז מיט דיר.

בענדעט: פון מיין אייגענעם ברודער וויל איך נישט וויסן, אויב ער האָט אַזאַ ממזר אויסגעהאָדעוועט.

מייטע: טאַטע, טאַטע...

אייזיק: לאָז אים צורו, דעם אויסוואָרף.

איציק: איר וועט לאָזן געריסן אייער לייבושן, איר הערט, אייזיק?

כיענע (נעמט איציקן פאַרן האַנט): קום אין שטוב אַריין. קום, כ'וועל דיר געבן צו עסן.

איציק: לאָזט צורו, מומע, איך קריג מיר נישט. איך קען דעם פעטער בענדעט זייער גוט... זאָל ער זיך נישט קאָכן. ווען איך

**זאָג אים, אַז כ'ווייס פון די פערד נישט צו זאָגן, פאַרשטעלט ער מיר דעם וועג. איך וועל נאָך צו קיין פעטער אין שטאָל נישט קריכן... באַדאַרף איך נאָך דערצו גרויסע מעשׂיות דערציילן.**

**בענדעט:** מען ווייסט, מען ווייסט.

**אייזיק: איך פאָר אַהיים.**

**איציק: איר וועט, אייזיק, די שדים פון קרעטשמע נישט אַרויס־טרייבן.**

**אייזיק: דעם צונג בייס זיך אָפּ.**

**איציק: כ'האָב מיר שוין איין מאָל דעם צונג איינגעביסן.**

**בענדעט:** מען ווייסט, מען ווייסט. קענסט אויך אַהיים פאָרן.

**איציק: איך וועל פאָרן, אויב כ'וועל וועלן.**

(קנאַקט מיט דער בייטש.)

**בענדעט:** פאָר, אייזיק, אַליין, וועסט מיר מאָרגן דעם פערד אָפּ־ברענגען.

**אייזיק: אַ גוטע נאַכט.**

(אָפּ.)

**כיענע: לאָזט געריסן אין דער היים.**

**איציק** (גיט אַ קנאַק מיט דער בייטש. אַ וואָרף טוענדיק אַ „גוטע נאַכט", גייט ער אָפּ צום וועג. **בענדעט** און **כיענע** גייען אויך צום וועג אַרויס.)

**מייטע** (בלייבט אַליין. לויפט אום ווי אַ צעררייצטע חיה אין אַ שטייג. לויפט אין הינטערגרונט, שטעלט זיך אויפן פּלויט און ווינקט מיטן האַנט, ווי זי וואָלט עמיצן רופן פון ווייטן. פערד הירזשען, די גלאָק קלינגט. זי שפּרינגט פון פּלויט אַראָפּ. **בענדעט** און **כיענע** גייען צוריק.)

**בענדעט:** מייטעלע, מיין קינד, קום צו מיר.

**מייטע** (גייט צו אים, רעדט שטיל): וואָס, טאַטע!

**בענדעט:** ווייסט, אַז מאָרגן וועסטו אַ כּלה?

**מייטע:** איך ווייס.

**בענדעט:** געפעלט דיר אייזיקס זון?

**מייטע:** יע, ער געפעלט מיר.

**בענדעט:** און דו וועסט אים ליב האָבן נאָך דער חתונה?

**מייטע:** איך וועל אים ליב האָבן.

**כיענע:** און וועסט אָן טאַטע־מאַמע נישט פאַרגעסן?

**מייטע** (שווייגט.)

**בענדעט:** נו, איצטער קום אין שטוב אַריין. גענוג דיר אויף דרויסן צו זיין...

(זיי גייען אַלע שטיל אין שטוב אַריין. ס׳איז שוין פינצטערלעך. אויפֿן דאַך קרייט אַ האָן. אין שטאַל מעקעט דאָס קעלבל.)

**מייטע** (קומט אַרויס שטיל פון שטוב, זי איילט צום פּלויט אין הינטערגרונט. זי קריכט אויף אים און ווינקט אין דער שטיל צו עמיצן.)

**איציק** (באַווייזט זיך פון דער אַנדערער זייט פלויט, קלעטערט אַרויף צו מייטען.)

# צווייטער אַקט

**אַ זומער־אָוונט. ביי בענדעטן. אַ גרויסע שטוב ווייס אויס־געקאַלכט. באַלויכטן מיט ליכט, וואָס ברענען אין לייכטער און אין אַ גרויסן שבתדיקן הענגלייכטער ריין אויסגעשייערט. די מעש בלאַנקט. אַלץ אַרום איז זויבער, שמינקלט. די טיר אין הינטערגרונט און די פענצטער זענען אָפן. די אונטערשטע העלפט פענצטער איז מיט ווייסע פאָרהענגלעך פאַרצויגן. די פאָדלאָגע איז אויסגעשאָטן מיט גרינעם פלישניק. צוויי גרוי־סע טישן איינפאַכע, באַדעקט מיט גראָבע, אָבער ריינע טיש־טעכער, שטייען רעכטס און לינקס. די טישן געגרייט מיט פלעשער, טעלער.**

שאַכנע (זיצט ביים טיר, אין אַ ווינקל, און רייבט כריין.)

כיענע (קומט אַריין פאַרהאָרעוועט. די אַרבל פאַרקאַשערט. צום אַלטן)**: איר, שווער, וואָלט זיך ערגעץ אויף דער גאַס געזעצט דעם כריין רייבן.**

שאַכנע: **אָבער שטאַרק איז ער — ברענט ממש די אויגן אויס.** (וויל אַרויסגיין.)

כיענע: **זאָל שוין זיין, זאָל שוין; וואו ט״איר .שוין איצטער גיין?**

שאַכנע: **ווייסטו, וואו כ׳האָב אים אויסגעפונען?**

כיענע (ברענגענדיק אין אָרדענונג די שטוב): **וועמען?**

שאַכנע: **דעם כריין. אַזש אויף די פאָראַיאָריקע קאָרטאָפל־פעלדער.**

כיענע: **און דאָ נעענטער האָט מען זי גאָרנישט געקענט קריגן, די טייערע מציאה?**

שאַכנע: נישטאָ. אָבער אויף אַ רפואה נישטאָ. אָבער ווייסטו נישט — ווי ער וואָלט דאָ גאָרנישט געבאָרן געוואָרן.

כיענע: שווער!

שאַכנע: וואָס, מיין קינד, ביסט פאַרהאַרעוועט?

כיענע: רעדט־איבער מיט אייער זון, ער זאָל נאָך איצטער שיקן אַ פּאָר פערד נאָך פיניען.

שאַכנע: אַזאַ עקשן, אַזאַ עקשן.

כיענע: מען באַדאַרף דאָך וויסן, ווען צו פּראָווען עקשנות. ער מיינט דאָס האָט ער צו טאָן מיט אַ גוי מכּוח אַ פערד. מען קאָן נאָך חלילה — כ׳וויל עס פון מיין מויל נישט אַרויסרעדן. און דערצו נאָך, וואָס איז אים איינגעפאַלן היינט און דווקא היינט איינצווואַרפן די פּוסטע קרעטשמע? איך וויל עס פון מיין מויל נישט אַרויסרעדן. און די גאַנצע זאַך — עפּעס ווערט מיר דאָס האַרץ צעריסן. מען וואוינט פאַרוואָרפן — אַזוי מאַכט מען עס אַ איין־און־איינציק קינד חתונה.

שאַכנע: אַן עוולה בנאמנות.

כיענע (אויס טרערן): מען מאַכט חתונה אַן איין־און־איינציק קינד, פירט מען ברוגזן. כ׳וואָלט זאָגן: מיינער אַ ברודער — אַלץ מוחל, — ס׳איז דאָך אָבער זיינער אַן אייגענער ברודער, אייערער אַ זון, און איר שווייגט...

שאַכנע: איך האָב אים געזאָגט, אַז ס׳איז אַ גרויסע עוולה, אויב פיניע וועט אויף דער חתונה נישט זיין. וואָלט ער געווען אַ מענטש, דער פיניע, שפּאַנט מען איין אַ פּאָר פערד, מען פאַרנעמט ווייב און קינד און מען קומט צו פאָרן.

כיענע: אומגעבעטענערהייט?

שאַכנע: און אַ טאָטן באַדאַרף מען אויך קיין עגמת־נפש ניט פאַרשאַפן. אַז איך האָב צוויי זין און איינער מאַכט חתונה אַ קינד, באַדאַרף דער אַנדערער צו דער חופּה נישט פעלן.

כיענע: וואָלט אים עפּעס דער אייבערשטער אַריינגעשיקט אַ געדאַנק, אַז ער זאָל אַליין נעמען און קומען... דאָס קינד האָט שוין היינט, נעבעך, געוויינט אויך. „ביי מיר איז היינט חופּה, זאָגט זי, און דער פעטער פיניע איז נישטאָ״. איך בעט אייך, שווער, באַפוילט

אים, ווי אַ טאַטע באַפוילט אַן אייגן קינד, ער זאָל הייסן שפּאַנען פערד און אַריבערשיקן צו פּיניען.

שאַכנע: איך וועל עס אים זאָגן.

בענדעט (קומט אַריין): גאָר דאָ ביסטו און איך האָב דיך אומעטום געזוכט.

שאַכנע: האָסט מיך באַדאַרפט?

בענדעט: כ׳האָב מורא, אַז דאָרט אין דער אַנדערער שטוב וועט פאַר זיי קנאַפּ אָרט זיין.

כיענע: קיין בייז נישט. ס׳איז אַ שיינע נאַכט, ווער ס׳וועט וועלן, וועט מען אים מאַכן אַן אָרט צום שלאָפן אין דרויסן, אָדער אויפן בוידעם אין די היי.

בענדעט: ס׳איז אויך אַן אמת.

כיענע: דאָס קינד האָט גערעדט מיט דיר?

בענדעט: וואָס האָט זי דען געהאַט צו רעדן מיט מיר?

כיענע (קוקט אים אַן פאַרזאָרגט.)

בענדעט: וואָס האָט זי געהאַט צו רעדן מיט מיר? ביסט אַ יידענע. וואָס שטייסטו מיט פאַרקאַשערטע אַרבל און קוקסט מיך אָן? וואָש זיך אַרום, טו זיך איבער, וואָרעם אָט אַזוי, ווי דו זעסט, איז דער גאַנצער עולם דאָ.

כיענע: עפּעס איז נישט ווי ביי לייטן; עפּעס פעלט.

בענדעט: וואָס איז דיר נישט ווי ביי לייטן? נו וועלן דאָך שוין קלעזמער אויך זיין. כאָטש גוים, אַבי קלעזמער.

כיענע: כ׳וואָלט דיר די קלעזמער מוחל געווען.

בענדעט: טאָ וואָס דען ווילסטו?

כיענע: אַז דו ביסט שוין אין כעס.

בענדעט: וואָס ווילסטו, טאַטע, האָבן מיטן כריין?

שאַכנע (קלאַפּט אויס דעם ריבאייזן): נו, שוין, שוין, מער וועל איך שוין נישט רייבן. — איצטער, זון מיינער, וויל איך, דו זאָלסט הייסן שפּאַנען אַ פּאָר פערד און שיקן נאָך פּיניען מיט ווייב און קינד.

בענדעט (אין אַ פאַרלעגנהייט.)

כיענע: האָסט שוין אַליין חרטה פאַר דיין עקשנות. רעכט אויף דיר. וועסט זיך נאָך אַמאָל אויסצאָלן פאַר דיינע גענגעלעך.

בענדעט: ס׳איז נישט דיין דאגה!

כיענע: אַוודאי איז נישט מיין דאגה, און ס׳איז נישט דיין טאַטנס דאגה, און נישט דיין קינדס דאגה. — און אַז דאָס קינד האָט היינט געוויינט, איז אויך נישט דיין דאגה.

בענדעט: וואָס זענט איר צו מיר צוגעשטאַנען?

כיענע: קיינער איז צו דיר נישט צוגעשטאַנען. טו דיר ווי דו פאַרשטייסט. ביי מיין קינד איז חתונה, וועלן פרעמדע לייט יאָ זיין און אייגענע וועלן פעלן.

שאכנע: ביי לייטישע מענטשן טוט מען נישט אַזוי.

בענדעט (לאַכט): און אַז איך האָב שוין געשיקט נאָך מיין ברודער — איז שוין גוט?

כיענע: זאָג מיר, אויף אַן אמת.

שאכנע: אַז ער זאָגט, מעגסטו אים גלייבן.

בענדעט: כ׳האָב געוואוסט, איר וועט מיר מיין קאָפּ באַקלאָגן מיין גאַנצן לעבן — פּיניע מיט זיין כאַליאַסטרע איז ביי מיין קינד אויף דער חתונה נישט געווען. האָב איך גענומען און געשיקט.

כיענע: ווען, נאָך אין דער פרי?

בענדעט: באַגינען. כ׳האָב געלאָזט וויסן, אַז דער טאַטע מיט זיין שוועגערין און די כלה בעטן אים, קומען אויף דער חתונה.

כיענע: און פון דיין נאָמען האָסטו אים נישט געבעטן?

בענדעט: ער איז דאָך מיינער אַ ברודער.

כיענע: אַז אַך און ווי צו אַזאַ ברודער.

(וויינט.)

בענדעט (לאַכט): קוקט נאָר אויף איר. כ׳האָב אים אין מיין נאָמען אויך געלאָזט וויסן — ביסטו שוין רואיק? נאָך מיין רעכענונג באַדאַרפן זיי באַלד אָנקומען.

כיענע (שרייט): מייטע, מייטע! דער טאַטע האָט דאָך געשיקט בעטן דעם פעטער אויף דער חתונה.

מייטע (קומט אַרויס פון צימער פריילעך, וואַרפט זיך בענדעטן אויפן האַלדז.)

בענדעט: זע נאַר, ווי דאָס פּיצעלע קינד האָט זיך עס דער־פרייט.

מייטע: און דערפאַר האָב איך דיך אַזוי ליב!

כיענע: האָסט זיך שוין, מיין קינד, באַדאַרפט אָנטאָן.

מייטע (קושט בענדעטן): און איצטער וועל איך מיר אָנטאָן.

(איילט אין צווייטן צימער.)

כיענע: איך וויל נישט, דאָס קינד זאָל עס הערן. מיר דאַכט זיך, אַז היינט האָט מען נישט באַדאַרפט רירן די פּוסטע קרעטש־מע — היינט אין דעם טאָג פון דער חתונה — כ'וויל עס פון מיין מויל נישט אַרויסלאָזן...

בענדעט (שטרענג): זאָלסט מיר איצטער נישט רעדן וועגן דעם — הערסט וואָס מען זאָגט דיר? די חופּה וועט מען שטעלן פאַרן שטוב...

(עס הערט זיך קלינגען אַ גלאָק.)

שאַכנע: מען פאָרט!

כיענע: דאָס פאָרן חתונה־לייט. גיי, בענדעט, וויַיז זיי אין דער אַנדערער שטוב אַריין.

מייטע (שרייט פון איר צימער אַרויס): מען פאָרט, מען פאָרט, אין אַ וואָגן מיט דראַבענעס זענען זיי געקומען.

בענדעט (גייט אַרויס.)

כיענע: גייט איר, שוער, אויך אַרויס און באַוויַיזט דאָרט.

שאַכנע: איך גיי, אָט שוין.

(גייט אַרויס.)

כיענע (רופט): קום צו מיר, מיין קינד, איך וועל דיר העלפן פאַרשפּילען די העקלעך.

מייטע (קומט אַרויס אין אַ ניי העל־בלוילעך קלייד): פון קלייד שמעקט מיט נייקייט.

כיענע (שפּילעט די העקעלעך, קושט מייטען): נאַר גליקלעך

זאָלסטו מיר זיין, נאָר נחת זאָלן מיר פון דיר האָבן. ווי שיין דאָס זעט אויס.

מייטע: אין שטאָט צו אַ חופּה, מאַמע, ווי איז עס?

כיענע: ווער ווייסט זיי דאָרטן מיט זייער שטאָט.

מייטע: וואָלטן גוטע קלעזמער שפּילן.

כיענע: עס וועט דיר שוין, אם ירצה השם, אַזוי אויך דאָס לעבן זיס זיין... אָט וועל איך דיר, מיין קינד, דעם קאָפּ פאַרקעמען.

(קאָמט איר דעם קאָפּ, עס הערט זיך ווידער אַ גערויש פון צופאָרן פאַרן שטוב.)

מייטע (לויפט צום פענצטער): מאַמע, מאַמע, אָן אָנגעפּאַקטע פור מיט מחותּנים!

כיענע (קוקט אין פענצטער): דאָס איז דאָך פון ליענטוויץ, מיין קינד, דער טאַטע פירט זיי אין דער אַנדערער שטוב אַריין.

מייטע: עמעצער גייט אַהער.

אַ פרוי (קומט אַריין, טראָגט אַ גרויסע קופערנע פאַן פיש): ווי עס שמעקט! אַזוי זאָל נאָר, אם ירצה השם, איר מזל שמעקן. וואו שטעלט מען עס?

כיענע: אין קאָמער, חנהשי.

פרוי (קומענדיק פון צווייטן צימער): קיין עין הרע, ס'וועט שוין זיין, ווער ס'זאָל די פיש עסן. איילט זיך צו אַ ביסל, כיענעשי.

(גייט אַרויס.)

מייטע: הערסט, נאָך אַ פור איז אָנגעקומען... דו, מאַמע, ביסט גאָרנישט פריילעך.

כיענע: פאַר דער חתונה, מיין קינד, איז מען ביי טאַטע־מאַמע, לעבט מען אינעם מזל פון טאַטע־מאַמע; נאָך דער חתונה אָבער דער־לאַנגט מען דיר צוויי זעקעלעך, אין איינעם איז מזל און אינעם אַנ־דערן איז צרות מיט ווייטיק, און גאָט ווייס...

(קושט נאָך אַ מאָל איר קינד דויערענד, אָן ווערטער; זיי ווערן ביידע ווי צוגעקלעפּט איינער צום אַנדערן.... ס'הערט זיך בענדעטס שטימע פון דרויסן צום טיר שרייענדיק: „מענטשן גייען שוין!" ס'הערט זיך אַ מיידלש קלינגענדיק געלעכטער דרויסן. כיענע און מייטע וואַכן אויף. טרעטן אָפּ איינע פון דער אַנדערער און וואַרטן

צום טיר קוקנדיק. עס קומען אַריין געסט: דאָרפֿישע יידישע פֿרויען און מיידלעך, מאַמעס מיט קינדערלעך אויף די הענט און קינדערלעך ביים זייט, געקליידט לויט דעם דאָרפֿישן יידישן געשמאַק. מיידלעך, די פֿרויען קושן זיך מיט מייטען, מען ווינטשט זיך: „מזל טוב", „מזל טוב".)

**ערשטע פֿרוי: אַ כּלה ווי אַ מלכּה.**

**צווייטע: ווי די ליכטיקע זון.**

**דריטע: אַמאָל פֿון איין קינד האָט מען מער נחת ווי פֿון צען.**

**ערשטע מיידל: דו, מייטע, שעמסט זיך גאָר נישט פֿאַר מיר?**

**מייטע: איך שעם זיך טאַקע.**

(אַ געלעכטער.)

**ערשטע פֿרוי: אַזאַ חתן — אַ בריליאַנט. זיי וועלן, אם ירצה השם, האָבן אַ גליקלעך לעבן.**

**כּיענע: וואָס באַדאַרף דען אַ מאַמע מער! איך געדענק ווען איך בין נאָך אַ קליין מיידעלע געווען. פּונקט ווי זי האָב איך אויסגעזען.**

**צווייטע מיידל: די יאָרעלעך לויפֿן.**

**דריטע פֿרוי: און מיין פּערל זאָגט, אַז זי האָט נאָך צייט. „וואָס — זאָגט זי — האָב איך קיין צייט נישט? זאָלן זיך — זאָגט זי — נאָך אַ ביסל די באַקן רויטלען".**

**ערשטע פֿרוי: פֿאַרוואָס, מייטעלע, האָסטו דעם שלייער נישט אָנגעטאָן? אין שטאָט איז מען באַלד פֿון אָנהייב אָנגעטאָן אין חופּה־שלייער.**

**צווייטע: קוקט איר נאָר אָן — אַ קאָפּ פֿון אַ בת־מלכּה.**

**כּיענע** (ברענגט אַרויס פֿון אַנדערן צימער אַ שלייער און מען דעקט מייטען צו דעם קאָפּ.)

**ערשטע מיידל: מייטעלע שוין מיט אַ פֿאַרשלייערטן קאָפּ. וואָס ביסטו אומעטיק, מייטעלע?**

(עס קומען אַריין נאָך מיידלעך, מיט בוקעטן פֿעלד־בלומען.)

**כּיענע: זעט נאָר, זעט נאָר, וואָס גוטע פֿריינט קענען.**

(מיידלעך קושן זיך מיט דער כּלה.)

**ערשטע מיידל: אַלערליי בלומען האָבן מיר פאַר דיר אויסגעזוכט.**

**צווייטע: איבער וואַלד און פעלד, מיילן זיינען מיר אויסגעגאַנגען און די שענסטע בלומען אויסגעזוכט.**

**ערשטע פרוי: ווי שיין דאָס איז! נאָר דאָס מזל זאָל פאַר איר לייכטן.**

**ערשטע מיידל: מייטעלע איז בלייך פון פאַסטן — אמת, מייטעלע?**

**מייטע** (ענטפערט נישט.)

**צווייטע פרוי: וואָס וועט איר דען פעלן ביי אים? דאָס טעלערל פון הימל וועט ער דען פאַר איר נישט אַראָפּנעמען?**

**דריטע פרוי: ער איז דאָך פון קאָפּ ביז די פיס אין דער מאַמען זיינער געראָטן. — די מאַמע זיינע — זאָל זי האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן — איר פּנים, אירע אויגן און אַפילו דער לשון זיינער — צוויי טראָפּנס וואַסער.**

(עס קומען אַריין צוויי דאָרפישע פויערים, קלעזמער. איינער מיט אַ פידל אין אַ רויט טיכל איינגעוויקלט און דער אַנדערער מיט **אַ** פייקל.)

(עס ווערט אַ באַוועגונג אין עולם.)

**ערשטער קלעזמער: דאָברי וועטשור!**

**צווייטער קלעזמער: דאָוואַי בי וועסעליטעסאַ.**

**כיענע: באַלד וועל איך זיי געבן צו גלעזלעך בראָנפן.**

(זי איילט אין אַנדערן צימער — ברענגט אַרויס צוויי גלעזלעך בראָנפן און שטיקער ווייסע חלה. די קלעזמער טרינקען, ווישן אָפּ די מיילער, פאַרבייסן מיט חלה, באַלד נעמען זיי זיך צום שפּילן. זיי שפּילן מיט גרויס חשק און מיט פרישקייט אַ דאָרפישן טאַנץ. מיידלעך מאַכן אַ וואָרע, צעשטעלן זיך אין אַ זייט, די כלה זעצט מען אויבן אָן אויף אַ שטול, אונטער איר אַ קישן, ביי די זייטן, לעבן דער כלה, שטעלן זיך אירע פריינדינס מיט בוקעטן בלומען אין די הענט און באַלד הייבט דער טאַנץ אָן: פיר ווייבער, פאַרוויז — איין פאַר אַנטקעגן דער אַנדערער — לאָזן זיך אַרויס אין אַ האָפּקע; באַלד נאָך זיי לאָזן זיך צוויי מיידלעך אַרויס אין דעם אייגענעם טאַנץ.

דער עולם קוקט ערנסט צו, די פּאָרן בייטן זיך. אין די פענצטער באַ־וויזן זיך דאָרפישע פּויערן, יונגע מיידלעך קוקן נייגעריק.)

**אַ מיידל: מיט דער כּלה וועל איך טאַנצן!**

**שטימען: מיט דער כּלה, מיט דער כּלה!**

מייטע (הייבט זיך אויף פון איר אָרט און טאַנצט מיט יעדן באַ־זונדער.)

איציק (באַוויזט זיך אומגעריכט אויפן שוועל. לעבן אים נאָך אַ פּאָר יונגען. ער איז יום־טובדיק געקליידט.)

מייטע (באַמערקט אים. רייסט איבער דאָס טאַנצן. זי וואַרפט זיך אים אַנטקעגן. ס׳איז צו מערקן אַן אומצופרידנהייט צווישן אירע פריינדינס, וועלכע סודען זיך קוקנדיק אויף איציקן. דאָס שפּילן הערט אויף.)

כיענע (צו איציקן): **דער טאַטע איז אויך געקומען?**

איציק: **דער טאַטע איז נישטאָ. ציפּקע איז געקומען.**

מייטע: **דער פעטער האָט נישט געוואָלט קומען — און דו, פאַרוואָס האָסטו אים נישט גענומען?**

ערשטע פרוי: **אַן אייגענעם ברודער טוט מען נישט אַזוי — שעמען באַדאַרף ער זיך.**

צווייטע פרוי: **אַ חתונה איז געגליכן צו ערב יום כּפּור — מען מוז זיך איבערבעטן.**

כיענע: **האָבן זיי זיך דען אַ מאָל געקריגט?**

מייטע (צו איציקן אין אַ זייט): **פאַרוואָס ביסטו אַזוי שפּעט געקומען?**

איציק: **נו, בין איך דאָך געקומען... אַזוי טרוקן וועט ער דיר נישט אָפּגיין...**

ציפּקע (קומט אַריין.)

כיענע (לויפט איר אַנטקעגן): **פאַרוואָס האָסטו דעם טאַטן מיט געוואָלד אויף דער חתונה נישט געבראַכט.**

(קושן זיך.)

איציק: **זייט וויסן, מומע, אַז אונדזערער אַ מענטש האָט פיינט קריוודעס... נו טאַנצט, ווייבער; טאַנצט, מיידן — וואָס שווייגט איר?**

**אַז קיינער וועט נישט זען, וועל איך אויך כאַפּן אַ טענצל.** (צו די צוויי יונגען, וועלכע שטיפן אַן אַ זייט מיט די מיידלעך.) **חיים! אברהמל! כאַפּט אַריין, ווען קיינער זעט נישט! נו שפּילט קלעזמער!** (די יונגען טאַנצן.) **אָט אַזוי, איך וועל באַלד זען, אויב איך אַליין געדענק נאָך עפּעס — שטאַרקער שפּילט!... אָט אַזוי...**

(ער לאָזט זיך אַוועק טאַנצן. די יונגען טרעטן אים אָפּ דעם פּלאַץ. טאַנצנדיק כאַפּט ער יעדעס מאָל אַרויס אַן אַנדער מיידל פון עולם און טאַנצט מיט איר — שפּעטער כאַפּט ער אַרום די כלה, וואָס פּרואווט זיך פון אָנפאַנג אַ ביסל ווערן, נאָר באַלד גייט זי נאָך. די פידל מיטן פּייקל אַרבעטן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג.)

**ערשטע פרוי: געוואגט שוין, זי וועט נאָך אין חלשות פאַלן.**

**צווייטע: ווי פון קייט וואָלט ער זיך אָפּגעריסן.**

**כיענע** (ווינקט צו די קלעזמער, זיי זאָלן שווייגן. דאָס שפּילן רייסט זיך איבער.)

**מייטע** (לאָזט זיך אַראָפּ אויף איר שטול. בלאַס.)

**איציק: אָט אַזוי טאַנצן די שדים אין בלאָטע.**

**אַ פרוי: טפו זאָל עס ווערן — געטראָפן אַ ריכטיקע צייט, ווען זייער נאָמען צו דערמאָנען.**

**איציק: דער טייוול וועט אונדז נישט כאַפּן.**

**כיענע: גיי, איציק, מיין קינד; גיי צו די מאַנסלייט. גיי צום חתן.**

**בענדעט** (קומט אַריין): **מען באַדאַרף די קלעזמער האָבן צום חתן.**

**איציק: מזל טוב, פעטער! מיין טאַטע — אייער ברודער זאָגט, אַז ער ווייס אויך, ווי עקשנות צו פירן.**

**בענדעט: היינט פאַרשטער איך נישט קיין שמחה.**

**איציק: זעט איר, פעטער, אַז איך בין אין אייך געראָטן. איך האָב אויך פיינט שמחות צו פאַרשטערן. אַז אַ פעטער מאַכט חתונה זיין טאָכטער, איז איציק געקומען אויף דער חתונה.**

**בענדעט** (ווינקט צו די קלעזמער און צו איציקן, זיי זאָלן מיט אים מיטגיין. זיי פאָלגן אים.)

**איציק** (רופט די יונגען מיט זיך): **קומט צום חתן!**

(די יונגען מיט איציקן גייען אַרויס.)

**מייטע** (פילט זיך שוואַך): **קום צו מיר, מאַמעשי.**

**כיענע: וואָס איז דיר, מיין כשר קינד?**

**ערשטע פרוי: איז, נעבעך, פאַרחלשט פון פאַסטן.**

**צווייטע פרוי: דאָס איז איר פון טאַנצן נישט גוט געוואָרן.**

**ערשטע מיידל: ער האָט מיר שיעור הענט און פיס טאַנצנדיק נישט צעבראָכן.**

(אַן אַלגעמיין געלעכטער.)

**צווייטע מיידל: דאָס הייסט נאָך נישט געטאַנצט. אַז מען טוט זיך אויס באָרוועס און מעט טאַנצט אין כאַפּעניש — דאָס פאַרשטיי איך.** (צו אַ צווייטער.) **דו געדענקסט, זלאַטקע, דעם טאַנץ?**

**דריטע מיידל: איך קען צענערליי טענץ. איך קען זיי אַלע אויסטאַנצן.**

(עס דערהערט זיך פון דרויסן אַ גערויש פון אָנגעקומענע פורן. עטלעכע גלעקלעך קלינגען. אייניקע פון די שטוב־לייט איילן צום פענצטער, צום טיר — אַנדערע גייען אויף דער גאַס אַרויס.)

**כיענע: ווער האָט עס איצטער נאָך געקענט אָנקומען — אפשר פיניע?**

**ערשטע מיידל** (אין פענצטער קוקנדיק): **געסט: חתונה־לייט. אין גרויסע בריקעס געשפּאַנט.**

**צווייטע מיידל: איינס, צוויי, דריי — דריי אָנגעלאָדענע בריקעס זענען צוגעפאָרן.**

**דריטע מיידל: אָט קומט אַ פערטע בריקע אָן.**

**ערשטע: וואָס פאַר אַ מענטשן! גאָר אומבאַקאַנטע, זעט אויס.**

**כיענע: דאָס זענען געוויס סוחרים... פאָרן ערגעץ אויף אַ יאַריד.**

(קוקט אין פענצטער.)

**צווייטע מיידל: זעט נאָר, צו דריי פערד אין יעדן וואָגן געשפּאַנט!**

**ציפּקע** (קומט אַריין פון דרויסן): **סוחרים זענען מיטן וועג**

דורכגעפאָרן, האָבן זיי דערהערט, אַז דאָ איז אַ חתונה, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, זיי האָבן דערהערט די קלעזמער שפּילן.

אַ מיידל (פון דרויסן אַריינקומענדיק איבעראַשט) : גרויסע סוחרים, מיט די טייערסטע סחורות! זיי שפּאַנען אויס די פערד. זיי וועלן שוין דאָ מסתמא איבער נאַכט בלייבן.

שאַכנע (קומט אַריין) : כי־כי־כי — ווי גאָט פאַרלאָזט אונדז נישט. סוחרימלעך פון דער ווייט אָנגעקומען און דאָ זיך אָפּגעשטעלט צום נעכטיקן. אַ גאַנצער מנין מענטשן. זיי וועלן מיט אונדז צו דער גאָלדענער יויך בלייבן. (צו מייטען.) זעסטו, טאָכטער, וואָס פאַר אַ מזל דו האָסט.

אַ שטימע (פון דרויסן רופט) : זיידע! דער זיידע וואו איז?

שאַכנע : איך גיי, איך גיי.

(אָפּ. דרויסן שפּילן קלעזמער.)

שטימען :

— מען פירט דעם חתן. באַדעקנס.

— שטעלט זיך אויס. מאַכט אַ וואָרע.

— גרייט זיך צו מיט האָפּן אין די הענט!

כיענע (דערלאַנגט אַ זעקעלע מיט האָפּן, פון וואַנען אַלע נעמען אָן פולע הויפנס. אין דערוואַרטונג.)

לייבוש (געפירט אונטער די הענט קומט אַריין, גייט צו דער כלה און דעקט איבער איר קאָפּ מיט אַ ברעג פון איר שלייער. אין טיר בלייבן אַלע מחותנים, חתנס צד, אין דערוואַרטונג מיט ליכט אין די הענט. אַלע מיידלעך, געסט, באַשיטן אים מיט האָפּן פון אַלע זייטן ביז ער גייט אַרויס.)

אַ פרוי : מייטעלע, באַלד וועט מען דיך אויך צו דער חופה פירן.

אַ פריילין : באַלד, באַלד, מייטעלע!

ציפּקע : אָט שטייט שוין די חופה! זעט נאָר, די סוחרים גייען אויך מיט.

שטימען :

— זיי האָבן זייערע לאָמטערנעס אָנגעצונדן און גייען צו דער חופה.

— אַך ווי שיין!

מייטע: איך וויל גיין צום פענצטער.

ערשטע פרוי: איצטער איז נישט רעכט אין פענצטער צו קוקן.

צווייטע: זאָל זי אַ קוק טאָן. אַ קינד. וואָס שאַט עס?

אַ מיידל: באַלד, באַלד וועט מען זי אויך פירן.

שטימען:

— גרייט זיך צו, גרייט זיך צו.

— מייטעלע, באַלד וועסטו שטיין אונטער דער חופה.

כיענע: נעמט די ליכט פון די לייכטער אַרויס, ס'איז אין דרויסן דאָס מינדסטע ווינטעלע נישטאָ.

(דאָס שפּילן דרויסן ווערט שטיל.)

שטימען:

— באַלד גייט מען נעמען די כלה.

— אין אַ גליקלעכער שעה, מייטעלע!

— אין אַ מזלדיקע שעה!

— באַזעצט גאָר אָן אַ בדחן.

— ס'וועט שוין אַזוי אויך ליכטיק איר מזל זיין.

— עס וועט שוין איר מזל לייכטן, ווי די שטערנדלעך אין הימל.

— ווי די זון וועט איר מזל לייכטן.

(הינטער דער טיר שפּילט די מוזיק, אָבער פיל שטאַרקער. קענטיק, נאָך איינ׳קע קלעזמער צוגעקומען.)

אַ מיידל (לופט אַריין): די סוחרים אַליין שפּילן. האָבן אייגענע פידלען מיט פייפלעך. זיי זאָגן, אַז אַליין וועלן זיי די קלעזמער זיין. הערט, הערט, ווי זיי שפּילן.

ערשטע פרוי: וואָס דער וואָס אין הימל קען מאַכן!

צווייטע: באַדאַרף מען זאָגן, כיענעשי? אַז גאָט וויל, באַוויזט ער וואָס ער קען.

דריטע: עס פּאַרלויפט אין דער האַלבער וועלט נישט אַזעלכס.

אַ מיידל: סאַראַ שפּילן! אויסגיין קען מען!

בענדעט (קומט אַריין. איז אין אַ געהויבענער שטימונג — ווי איינער

זאָגט: „זעט, וואָס עס קען פּאַסירן בײַ בענדעטן"): זענט איר שוין גרייט דאָ? אָט איז אַ חתונקע.

(הינטערן טיר קנאַקט מוזיק.)

אַ פרוי: טאַטע־מאַמע, טאַטע־מאַמע וועלן זייער טאָכטער פירן.

שטימען:

— מאַכט אַ וואָרע!

— אין אַ מזלדיקער שעה.

אַ מיידל: שטעלט זיך אויס רעכטס און לינקס, פּאַמעלעך מיט די ליכט.

צווייטע פרוי: מאַכט אַ וואָרע, טאַטע־מאַמע פירן זייער בת־יחידה צו דער חופּה!

דריטע פרוי: הלוואַי שוין ביי מיינער געזאָגט געוואָרן און אויף אַזאַ אופן.

ערשטע פרוי: און מיט אַזאַ כּבוד; און מיט אַזאַ שפּע... פּאַ־מעלעך, פּאַמעלעך, נישט פאַלט, חלילה איבערן שוועל.

(מען פירט אַרויס די כּלה. ביסלעכווייז גייען אַלע אַרויס פון שטוב מיט די ליכט אין די הענט. בלויז צוויי ליכט בלייבן אין שטוב ברענען. פון דרויסן שלאָגט אַ מאַטע ליכטיקייט דורך די פענצטער פון דער חופּה־באַלייכטונג.)

איציק (גייט אַריין אין צימער דורך אַ זייטיקן פענצטער. ער איילט אין אַנדערן צימער אַריין. טראָגט פון דאָרט עפּעס ענלעכעס צו אַ טוך. ער זוכט נאָך, נאָר באַלד פאַרשווינדט ער דורך דעם זעלבן וועג. אין אַ ווײַלע אַרום קומען אַריין צוויי מיידלעך, זיי טראָגן ביידע צוויי גרויסע קרענץ פון פעלד־בלומען געפלאָכטן.)

ערשטע: אָט אַזוי וועלן מיר זיך שטעלן אַנטקעגן טיר — עס זאָלן אויסקומען גלייך. אָט אַזוי, נאָך אַ ביסל העכער. לינקס.

צווייטע: אָט דאָס וועט זיין שוין איין מאָל שיין.

ערשטע: אונדזערע בלומען זענען די שענסטע.

צווייטע: געוויס די שענסטע.

ערשטע: גרייט זיך צו. העכער הייב אויף דעם קראַנץ, ביידע זאָלן אויסקומען גלייך. אָט אַזוי, נאָך אַ ביסל העכער.

(ביידע שטייען אין דערוואַרטונג, האַלטנדיק די קרענץ אין דער הייך, ווי אַ טויער. הינטער דער טיר הערט זיך שרייען: „מזל טוב, מזל טוב". „מאַכט אַ וואַרע!" „ביידע גלייך", „מיטן רעכטן פוס!" צווייז ווייבער לויפן אַריין. איילן אין צווייטן צימער אַריין. קומען אַרויס פון דאָרט טראַגנדיק אויף אַ טאַץ אַ גרויסע געפלאָכטענע חלה און אַ פלעשל וויין. טאַנצן אַנטקעגן טיר וואַרטנדיק חתן־כלה. באַלד דערשיינען חתן־כלה, נאָך זיי אַלע מחותנים, בעת די מוזיק שפּילט הינטער דער טיר דרויסן, די ליכט ווערן אומגעקערט צוריק אויף זייערע ערטער, חתן־כלה זעצט מען אַנידער אויבן־אָן. ישובניקעס, שבתדיק געקליידט, קומען אַריין, צווישן זיי איז איציק אויך פאַראַנען. זיין האַלטונג איז עפּעס פאַרדעכטיק. מען זעט, אַז ער באַמיט זיך יעדעס מאָל אויסצומיידן זיך מיט בענדעטן. דאָס שפּילן הערט אויף.)

**בענדעט** (רעדט אין דער גאַס־טיר צו עמיצן אין דרויסן): **איצ־טער זענט איר ביי מיר אַנגעלייגטע מחותנים. טוט זיך איבער און קומט אַריין.**

**כיענע: בעט זיי, בענדעט, זיי זאָלן באַלד אַריינקומען.**

**אייזיק: ווייסט ווי דען, זיי וועלן זיך נאָר איבערטאָן. פריער, זאָגן זיי, זענען זיי געווען קלעזמער, איצטער וועלן זיי זיין מחותנים... נו, בענדעט, איצטער זענען מיר שוין אויף צום אמתן מחותנים גע־וואָרן, לאָמיר טאָקע ביידע טרינקען לחיים.**

**כיענע: כ'האָב מורא, בענדעט, ס'וועט, קיין עין הרע, זיין קנאַפּ אָרט פאַר אַלעמען.**

**בענדעט: איך וועל די טירן אַרויסנעמען און די ווענט פון מיין שטוב פאַנאַנדערריקן; פון די טירן וועט מען טישן מאַכן. איציק! וואָס שטייסטו ווי אַליימענער גולם? ברענג אַריין די קאָזלעס, אויף וואָס מען שניידט האָלץ, לעבן שטאָל שטייען זיי. און איך וועל די טיר אַראָפּנעמען.**

(ער נעמט אַראָפּ די טיר פון צווייטן צימער.)

**איציק** (גייט אַרויס.)

**מייטע** (וואָס איז די גאַנצע צייט ווי אויף אַן אַנדער וועלט): **פאַר־וואָס, טאַטע, רעדסטו אַלץ מיט כעס צו איציקן? היינט איז דאָך ביי מיר חתונה — כ'וויל, דו זאָלסט זיך מיט אים איבערבעטן.**

**בענדעט: זעסט דאָך, אַז איך בין שלום מיט אים; כ׳האָב אים געהייסן די קאָזלעס אַריינברענגען און שפּעטער וועלן מיר נאָך לחיים טרינקען. איך האָב פּיינט שׂמחות צו פאַרשטערן.**

(די מיידלעך סודען זיך.)

**אייזיק: דעם זיידן זעצן אויבן־אָן!**

**ערשטער מחותן: דעם זיידן אויבן־אָן.**

**צווייטער מחותן: מחותן, דעם זיידן פון אויבן־אָן, לעבן חתן־כלה. דער זיידע וועט נאָך היינט מיט אַלעמען טאַנצן.**

**שאַכנע: אָ, נאָך ווי וועל איך טאַנצן. וועל איך עס מיט מיינע קינדערלעך טאַנצן.**

**איציק** (טראָגט אַריין אַ פּאָר קאָזלעס. עס ווערט פאַר זיי אַן אָרט אויסגעזוכט. מען לייגט אויף זיי אַ טיר, כיענע דעקט איבער מיט אַ גרויסן גראָבן טישטעך און עס ווערט אַ טיש באַשאַפן.)

**בענדעט: נישט געזעסן — וואַשן זיך! דרויסן שטייט אַ פאַס וואַסער.**

**אַ מחותן: און בראַנפן האָסטו אויך אַ פאַס אָנגעגרייט, בענדעט?**

**בענדעט: נישט איין פאַס האָב איך אָנגעגרייט. ס׳וועט נישט פעלן.**

(דער עולם גייט איינציקווייז אַרויס און קערט זיך אום מיט נאַסע הענט, ביים טיר שטייט אַ מחותנתטע, האַלט אַ גרויסן גראָבן האַנטעך, מיט וועלכן דער עולם ווישט די הענט, און זעצן זיך שפּעטער אויף די ערטער אַרום די טישן, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. די קינדערלעך זעצט מען אַרויף אויפן באַק־אויוון.)

**בענדעט** (באַמיט זיך יעדן צופרידנצושטעלן און דאָס טוט ער מיט איינגעוווערדע, מיט שטאָלץ.)

**אייזיק: אַהאַ, די סוחרים גייען שוין! זעט נאָר, וואָס זיי טראָגן מיט זיך.**

**לייבוש** (צו איציקן)**: האָסט כאָטש אַן אויג געוואָרפן, וואָס פאַר אַ פערד ביי זיי איז געשפּאַנט?**

(געלעכטער.)

**איציק: כ׳האָב זיי אַפילו אין די ציינער אַריינגעקוקט.**

**אייזיק: וואָס זאָגסטו, בענדעט, צו זיי?**

(עס קומען אַריין צען סוחרים. יידישלעך געקליידט. אַנדערע מיט קאַפּעלושן און מיט גאַרטלען אַרומגעגאַרטלט. שיינע בריטע בערד פאַלן ביי אַנדערע אויפן ברוסט. טראָגן מיט זיך פלעשער ווייַן, פאַרשיידענע פעקלעך. אַריינקומענדיק גיבן זיי אָפּ „מזל טוב". אין שולם ווערט אַ שטילע באַוועגונג, ווי יעדערער וואָלט וועלן זיין אָרט פאַר די געסט אָפּטרעטן.)

**ערשטער סוחר: מיר פאָרן נישט מיט ליידיקן; ווייַן און נאָך פאַרבייסן צום ווייַן האָבן מיר ביי זיך אין די וועגן געפונען.**

(שטעלן די פלעשער ווייַן אויף די טישן. דער עולם קוקט נייגעריק.)

**בענדעט: ביי מיר, אַ דאַנק גאָט, פעלט אויך נישט.**

**ערשטער סוחר: מיר וועלן פון אַלע משקאות צוביסלעך פאַרזוכן.**

**צווייטער סוחר: יעדער ווייַן איז גוט. און דער בעסטער ווייַן איז אויף דער חתונה פון גליקלעכע חתן־כלה.**

(די ישובניקעס לאַכן צופרידן.)

**אייזיק: שוין איין מאָל מחותנים!**

**כיענע: ווען איך וואָלט עס וויסן, אַז אַזעלכע געסט וועלן זיך צו אונדז אַראָפּלאָזן.**

**בענדעט: קיינער וועט נישט פאַרפרעמדט ווערן. איר זעט, דאָס איז דער חתן און דאָס איז די כלה — מיין טאָכטער — נישטאָ זיך מיט וועמען צו שעמען.**

**ערשטער סוחר: שוין פאַראַן מיט וועמען צום טיש צו גיין.**

**בענדעט** (צו די סוחרים)**: רב יידן, איר וועט זיך גיין וואַשן.**

(די סוחרים וואַשן זיך. פאַרנעמען זייערע ערטער.)

**כיענע** (און צו איר נאָך צוויי מחותנתטעס טראָגן פון צווייטן צימער מאכלים פאַר אַלע געסט. מען טרינקט „לחיים" גאַנץ אָפּט.)

**ערשטער סוחר** (צו זיין יונג)**: טראָג אַריין צוריק פון מיין וואָגן מיין פידל.**

**צווייטער סוחר: מיין פלייט זאָלסטו מיר אויך אַריינברענגען.**

**דריטער סוחר: און מיין פידל זאָלסטו אויך אַריינברענגען.**

פערטער סוחר: וועסט שוין דאָרט פאַרכאַפּן מיין קלאַרנעט.

(צווישן עולם אַ צופרידענע באַוועגונג.)

ביענע (צו חתן־כלה): אין וואָס פאַר אַ מזלדיקער שעה מיר האָבן עס אייך צו דער חופה געפירט!

(דער יונג גייט אַרויס.)

אַ סוחר (דערלאַנגט אַ פלאַש ווײַן בענדעטן): גיסט אָן, מחותן, פון דעם ווײַן פאַר חתן־כלה.

בענדעט (באַקוקט די פלאַש): דאָס איז שוין איין מאָל אַ ווײַן.

(גיסט פאַר חתן־כלה.)

ערשטער סוחר: איצטער וועלן מיר מיט די מחותנים טרינקען לחיים... דאַכט זיך, ר' בענדעט רופט מען אייך?

בענדעט: דער מחותן בענדעט וועט מיט אַלעמען לחיים טרינ־קען... מחותנים! וואָס שווייג איר... און דו, טאַטע, וואָס זיצסטו עפּעס אַזוי? פאַרגעסן די אַמאָליקע יאָרן? און דו, איציק, וואָס שטייסטו אַזוי ווי אַ געפּגרטער דאָרט אין ווינקל? וואָס געוועזן איז געוועזן. מיטן פעטער בענדעט פיר קיין ברוגזן נישט... וואָס געוועזן — איז געוועזן. היינט באַווייז וואָס דו קענסט.

אייזיק: וואָס שווייגסטו טאַקע, איציק? מען הייסט דאָך באַווייזן וואָס דו קענסט.

איציק: אַז מען הייסט, וועל איך. און דו, מייטע, און דו, לייבע — וועט איר אויך מיט מיר לחיים מאַכן?

לייבוש: מיט דיר שטענדיק; סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט.

איציק: און דו, מייטע.

מייטע (ענטפערט נישט. קוקט, עמעצער זאָל איר אַרויסהעלפן.)

ביענע: ווי לאַנג בין איך נאָך גאָר אַ קינד געוועזן —

איציק: איר מיינט, מומע, אַז מייטע איז נאָך איצטער אויך אַ קליין קינד?

ביענע: וואָס דען איז זי — נישט אַ קליין קינד?

ערשטער סוחר (צו איציקן): אָבער דו ווייזט אויס, ביסט שוין גאָר קיין קליין קינד נישט.

(עס רופט אַרויס אַ צופרידענעם געלעכטער ביים עולם.)

דער יונג (טראָגט אַריין צוויי פידלען, אַ פּלייט און אַ קלאַרנעט):
**איצטער וועלן מיר אַליין אויפשפּילן.**

ערשטער סוחר: **און טאַנצן ביז אין טאָג אַריין.**

צווייטער סוחר: **און מאָרגן איז נאָך אויך אַ טאָג.**

דריטער: **ביז שבת וועלן מיר הוליען.**

בענדעט (שוין אַ ביסל פון וויין דערוואַרעמט): **איר, רב יידן, פאַרגעסט אָן אייערע יאַרידים; מען וועט דאָרט אויף אייך וואַרטן.**

אַ מחותן: **ווער וועט זיי שוין לאָזן פאָרן.**

אייזיק: **ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן.**

ערשטער סוחר: **נו, ברודער, אויפגעשפּילט זאָל ווערן אַ פריילעכס!**

(מען שפּילט אַ פריילעכס. די איבעריקע סוחרים פּאַטשן מיט די הענט צום טאַקט. אין שטוב איז ענג, דער עולם וואָס טאַנצט נישט קלייבט זיך אַרויף אויף די טישן און בענק.)

שטימען:

**— די מחותנים זאָלן איצטער טאַנצן.**

**— באַוויז נאָר, בענדעט, וואָס דו קענסט.**

**— און איר, ר׳ אייזיק, וועט זיך נאָך אויך דערמאָנען.**

**— די מחותנים, די מחותנים!**

**— אָט אַזוי, מאַכט אַ וואָרע!**

**— מיט די פלעשלעך אין די הענט — כאַ־כאַ־כאַ —ביידע, מיט די פלעשלעך אין די הענט.**

(אייזיק און בענדעט, מיט פלעשלעך אין די הענט, לאָזן זיך אַרויס טאַנצן.)

בענדעט: לעבעדיקער, לעבעדיקער! **אייזיק, דו שטייסט צו; לעבעדיקער!**

**אַ שטימע פון עולם: איצטער אַלע אין קאַראַהאָד און חתן־כּלה אין מיטן!**

(דאָס שפּילן דויערט. דער עולם נעמט זיך האַנט ביי האַנט, טאַנצן אין קאַראַהאָד און אין דעם רעדל טאַנצן חתן־כּלה פאַר זיך באַזונדער, האַלטן פאַר די ברעגן פון אַ וויס טיכל.)

**לייבוש** (ווינקט צו איציקן, וואָס שטייט פון ווייטן, ער זאָל קומען טאַנצן.)

**איציק** (שרייט אויס): **מאַכט אַ וואַרע! די כּלה וועט טאַנצן!**

(מען מאַכט אַ וואַרע. דאָס שפּילן דויערט.)

**מייטע** (שטום, אָן ווערטער, לאָזט זי זיך אַרויס טאַנצן; ווי אַווירבל־ווינט טראָגט זי זיך; נאָכדעם לאָזט זיך איציק אַרויס. ער ווינקט צו צוויי יונגען, וועלכע פאָלגן אים און טאַנצן אין קאַראַהאָד אַליין פאַר זיך באַזונדער אַזוי, אַז די ערד ציטערט אונטער זיי.)

**אַ שטימע: די מאַמע! די מאַמע! כיענע, וואָס שווייגט איר?**

**כיענע** (ווערט אויך אין דעם טאַנץ אַריינגעשלעפּט.)

**שאַכנע** (הייבט זיך אויף פון זיין אָרט, שכּורלעך, שטעלט אויפן קאָפּ אַ פלעשל און קלייבט זיך אַרויס צו די טענצער.)

**אייזיק: שאַ—שאַ, שטיל זאָל עס זיין — דער זיידע וועט טאַנצן!**

(דאָס שפּילן און טאַנצן רייסט זיך איבער.)

**ערשטע פרוי: באַוויזט, רב שאַכנע, אַזוי אַ טענצל, די יינגערע זאָלן זיך פאַרשעמען!**

**שאַכנע: ביי מיינע אייניקלעך וועל איך עס מאַכן אַ האָפּקעלע מיט אַ פלעשעלע אויפן קאָפּ און דאָס פלעשעלע זאָל מען פול אָנגיסן.**

(אַ סוחר דערלאַנגט אים אַ פול פלעשל וויין. ער הייבט אָן צו זינגען עפּעס אַ ניגון און טאַנצט נאָך דעם ניגון. דער ניגון איז באַקאַנט די סוחרים און זיי כאַפּן אים באַלד אונטער אויף זייערע אינסטרומענטן און שפּילן אים נאָך. דער אַלטער וואַקלט זיך פון די פיס, דאָס פלעשל פאַלט אַראָפּ פון קאָפּ אויף דער ערד און צעברעכט זיך, עס רייסט זיך ביים עולם אַרויס אַ שרעק־געשריי. דאָס שפּילן הערט אויף. שאַכנע אַליין שטייט ווי פאַרוואונדערט, פאַרלירט זיך.)

**ערשטע פרוי: אַלט איז נישט יונג.**

**אַ צווייטע: מען האָט עס נישט באַדאַרפט.**

**כיענע: מילא, זאָל עס זיין אַ כּפּרה פאַר אַלע זינד.**

(קלייבט אויף די גלאָז.)

**בענדעט: דאגה נישט, טאַטע, ט׳וועט אַלץ גוט זיין.**

(ער זעצט שאַכנען צוריק אויף זיין אָרט.)

**אייזיק:** זאָל מען זיך איצטער נעמען פאַר די דרשה־געשאַנק.

**בענדעט:** זאָל זיין דרשה־געשאַנק. וואָס איז דאָס אַזוי אומעטיק געוואָרן? נו, אַ פּלעשל וויין איז צעבראָכן געוואָרן, זענען אַנדערע פּלעשער וויין פאַראַנען. עס וועט נישט פעלן... גיסט זיך אָן, יידן, מחותּנים, לחיים... לחיים... נישט אומעטיק! אָט אַזוי! לחיים!

**די סוחרים** (סודען זיך עפּעס. איינער פון זייט אַרויס.)

**בענדעט** (רופט אויס): **ביידע מחותּנים וועלן פאַר זייערע קינדער אויסבויען אַ קרעטשמע ביים גרויסן טראַקט...**

**אַ מחותּן:** אָט דאָס איז אַ דרשה־געשאַנק! אָט אַזוי פאַרשטיי איך.

**אייזיק:** איך בין מסכּים. דערפאַר, בענדעט, האָב איך דיך ליב.

**כיענע** (ברענגט אַריין פון צווייטן צימער אַ פּאָר מעשענע לייכטער אויסגעשייערט): **און איך גיב צוויי פון מיינע לייכטער. וועסטו האָבן, מיין קינד, אין וואָס ליכט צו בענטשן. און אָט די דאָזיקע אוירינגלעך גיט אויך די מאַמע אָפּ פאַר איר קינד.**

(זי טוט אויס פון אירע אויערן די אוירינגלעך און טוט זיי אָן מייטען.)

**ערשטער סוחר:** איך פיר פאַר מיין טאָכטער אַ גאָלדענע קייט מיט אַ בראָש, איך וועל פאַר איר אַן אַנדער קייט קויפן, און די דאָזיקע וועל איך אַ דרשה־געשאַנק געבן. (באַקומט פון קעשענע פאַרוויקלט אַ גילדערנע קייט און אַ בראָש, גייט צו דער כּלה.) **איך וועל עס איר אַליין, ווי מיין אייגן קינד, אויפן האַלדז אָנטאָן.**

**שטימען:**

— אַך, ווי שיין! דאָס איז גאָרנישט צו גלייבן.

— גאָרנישט אָפּצושאַצן.

— אמת גאָלד.

— ווער האָט עס אַזעלכעס אין די אויגן אָנגעזען?

— אַפילו אין חלום נישט געזען.

**צווייטער סוחר** (באַקומט פון זיין בוזעם־קעשענע פּערל, גייט צו דער כּלה): **גאָט וועט מיר שוין צושיקן סוחרים, און זיי וועלן מיר פאַר די פּערל אויך באַצאָלן. זאָל עס איר די מאַמע אָנטאָן.**

**כיענע** (גאַנץ אומגעשיקט טוט אָן די פּערל דער כּלה): **מיין באָבע, זאָל זיין אין גן־עדן, האָט אויך קיין פּערל נישט געטראָגן.**

**אַ מיידל**: **וואָס שווייגסטו, מייטעלע? ווי גאָר נישט מיט איר וואָלט עס געשען.**

**צווייטע**: **ס'איז עפּעס גוט אַ כּלה צו זיין, מייטעלע?**

**אַ מחותנתטע** (רופט אָפּ אָן אַ זייט אַ צווייטע): **הערסט, פּעשע, מיר געפעלט עפּעס נישט די גאַנצע חתונה דאָ.**

**צווייטע**: **מיינסט די סוחרים?**

**ערשטע**: **עפּעס זיינען זיי מיר צו פיל געראָטן איינער אין דעם אַנדערן.**

**צווייטע**: **כ'האָב עס מורא פון מיין מויל אַרויסצוריידן — זיי האָבן דאָך היינט די פּוסטע קרעטשמע צעוואָרפן. אפשר זאָל מען כיענען אָפּרופן אָן אַ זייט און זאָגן?**

**ערשטע**: **נעמען און פאַרשטערן די שמחה — כ'וויס, ווי טוט מען עס?**

(עס קומט אַריין דער סוחר, וואָס איז געווען אַרויסגעגאַנגען, און טראָגט מיט זיך פּעקלעך סחורה. עס ווערט צווישן עולם אַ גערודער. די צוויי מחותנתטעס קערן זיך צו זייערע פּלעצער, קוקן פון ווייטנס און סודען זיך. ער לייגט די סחורות אויס אויפן טיש לעבן חתן־כּלה. דער עולם און חתן־כּלה גאַנץ פאַרווירט. ער פּאַקט אויס די סחורות.)

**שטימען**:

**— איר זעט אַביסל לייוונט! ווי זייד.**

**— אמתע וועב.**

**— ס'וועט דערפון זיין צען העמדער ווי די בעכער.**

**— אפשר מער ווי צען.**

**ערשטער פרוי**: **מען קען דערפון טישטעכער מאַכן.**

**שטימען**:

**— זעט נאָר זייד!**

**— מאַמעלעך! וואָס פאַר אַ קלייד עס וועט דערפון זיין.**

**— גאָלדענע פאַרבן!**

**— זילבערנע קווייטן.**

**— פאַר דער מלכּה אַליין.**

— ווי נייט מען עס גאָר?
— ווי שניידט מען עס גאָר?
— און די טוך — טערקישע זייד!
— פּרוכת־זייד.
— זעט נאָר, ווי עס קלעפּט זיך צום האַנט.
— זעט נאָר די פּאָרצעליי!
— זעט נאָר די קווייטן!

**אַ סוחר:** **דאָס איז אַלץ פון דאָס בעל־טעס, פון דאָס טייערסטע. זאָל מען וויסן, וואָס פאַר אַ סוחרים עס זענען דאָ אַ מאָל דורכגעפאָרן.**

**צווייטער סוחר:** **זאָל מען געדענקען, אַז דאָ זענען אַמאָל סוחרים אויף אַ יאַריד דורכגעפאָרן און האָבן דרשה־געשאַנק געגעבן.**

(ער פּאַקט אויס די כוסות.)

שטימען:

— ס'אַראַ כוסות!
— קרישטאָל!
— „פסח" אַנגעשריבן.
— גאָלדענע ראַנדן.
— גאָר אַן עבירה צו נוצן.
— ווי טרינקט מען גאָר אין אַזעלכס?
— ס'איז גאָר קיין ווײַן נישטאָ פאַר אַזעלכע כּלים.

(די אַלע מתנות ווערן אין אַ גאַנצן הויפן אויסגעלייגט אויפן טיש, דער טיש ווערט פול מיט זיי.)

**אַ סוחר:** **און צו דעם אַלעמען גיב איך נאָך אַ פינף־און־צוואַנ־ציקער.**

**צווייטער:** **און איך גיב אַ פופציקער במזומנים.**

**בענדעט** (גאַנץ גערירט צו די סוחרים): **מיינע ליבע יידן, איר בלייבט דאָ ביי מיר ביז איבער שבת, מען וועט הוליען און טאַנצן ביז איבער שבת. איין טאָכטער האָב איך; הוליען און טאַנצן ביז איבער שבת, וואָס זאָגט איר, רב יידן?**

(די סוחרים לאַכן צופרידן.)

**איציק** (וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביי אַ פענצטער אַן אַ דייט און האָט זיך אין דעם אַלעמען, וואָס ס'איז פאָרגעקומען, נישט

באַטייליקט, צום עולם) : נו גענוג שוין מיט די דרשה־געשאַנק. זאָלן די יידן ווידער שפּילן און טאַנצן.

**בענדעט :** טאַנצן און שפּילן! שפּילן און טאַנצן. אמת, אייזיק? איך וועל מיט די געסט אַליין טאַנצן.

**אייזיק :** די סוחרים וועלן טאַנצן מיט חתן־כלה. מאַכט אַ וואַרע.

**בענדעט :** יע, די סוחרים וועלן טאַנצן מיט חתן־כלה.

**ערשטער סוחר :** מיר וועלן שפּילן און טאַנצן.

**צווייטער :** אַלע וועלן מיר טאַנצן. גרייט זיך צו.

**דריטער :** נעמט זיך ביי די הענט אין קאַראַהאָד!

**פערטער :** איין רעדל זאָל אין דעם אַנדערן טאַנצן! אין קאַראַהאָד!

(פיר פון די סוחרים הייבן אָן צו שפּילן און נאָך דעם טאַקט פון דער מוזיק לאָזן זיי זיך אַליין אין אַ יידיש טענצל. נאָך זיי לאָזט זיך אַוועק דער גאַנצער עולם. דאָס טאַנצן ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אָבער דערביי גאַנץ שטיל, ווי פון אַ כישוף אַרומגעכאַפּט. עס הערט זיך נאָר דאָס שפּילן און אַ שטילער ריטמישער טאַקט פון די טענצער, וועלכע מאַכן די גאַנצע שטוב פול. הענט מיט הענט שליסן זיך אַלץ פעסטער און פעסטער. און קיינער מערקט נישט, ווי **איציק** און **מייטע** טאַנצן שוין ביידע צוזאַמען און אַזוי טאַנצנדיק דערנעענטערן זיי זיך צום טיר, דורך וועלכער ביידע פאַרשווינדן אין דער פינצטערער נאַכט.)

**אַ פרוי** (שרייט אויס) **: די כלה וואו איז?!**

(מיט איין נאָל שטעלט זיך אַלץ אין שטוב אָפּ. איין אויגנבליק איז אַלץ פאַרשטיינערט; קוקט פאַרווירט.)

**בענדעט** (כאַפּט זיך דער ערשטער, וואָס דאָ איז געשען. שרייט אויס) : **האַ־האַ!**

(לאָזט זיך לויפן צום טיר.)

# דריטער אקט

אַ טיף־בלויע נאַכט. פון דער נאַכט אַרויס בלייכט זיך אַ זאַמ־דיקער וועג. רעכטס, ביים זייט וועג, ליגט געהילץ פון אַ צע־וואָרפענעם בנין. ניט ווייט פון געהילץ ברענט אַ פייערל. דער פייער האַלט ביים דערברענגען, נאָר פון צייט צו צייט צעפלאַ־קערט ער זיך און אויף איין אויגנבליק באַווייזט זיך די געגנט דייטלעכער און אין דער טיף באַווייזן זיך פעלדער מיט תבואות באַלאָדענע. וואו ניט וואו שוואַרצן זיך ביימער.

(עס דערהערן זיך פון ווייטן קולות פון מענטשן אין די פעלדער, ווי איינער זאָל דעם אַנדערן רופן. די קולות ווערן נעענטער.)

אַ פרויען־שטימע: גיי ניט אַהין. זעסט דאָך, אַז קיינער איז נישטאָ.

אַ מענער־שטימע: איך האָב קיין מורא נישט, כ׳האָב עפּעס גרעסערס אויף מיין לעבן געזען. (שרייט.) איז עמעצער דאָרט פאַ־ראַן?

פרויען־שטימע: אַ פייער האָט עמעצער אָנגעלייגט. גיי נישט, גיי נישט.

אַ מחותן (קומט אָן): עמעצער האָט דאָ אַ פייער אָנגעלייגט, זעט אויס, נישט לאַנג דאָ אַ פור געשטאַנען. קום אַהער, האָב קיין מורא נישט.

פרויען־שטימע: שאַ, שאַ, מיר דאַכט זיך נאָך, עמעצער גייט. בעגדעטס קול הער איך.

מחותן: רוף אים אַהער. ס׳איז נישט רעכט, ער זאָל אַליין אומ־גיין.

פרוי: ער איז נישט אַליין. אָט הער זיך אײַן.

מחותן: בענדעט! בענ—דעט!

אַ מענער־שטימע (פֿון װײַטן): װער איז דאָרטן?

מחותן (קומט אָן): זעסט, אַ פּײַער ליגט דאָ. װער איז דאָרט, דײַן װײַב?

ערשטער מחותן: אַ נאַכט — אַ נאַכט, ס'איז מיר שוין דאָס ביסל משקה דורכן מינדסטן פֿינגער אַרױס.

צװײטער מחותן: מען האָט באַדאַרפֿט בענדעטן מיט געװאַלד אײַן שטוב אַרײַננעמען.

ערשטער: מיר דאַכט, אַז איך האָב זײַן קול גאָר נישט לאַנג געהערט —

פֿרױען־שטימע: יאָ, איך האָב געהערט. שװײַגט, שװײַגט.

ערשטער: בענדעט, כיענע! רופֿן זיך נישט אָפּ. ערגעץ געשפּאַנטע פֿערד געשטאַנען און געװאַרט אויף זײ. און האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן.

צװײטער: מיט די סוחרים אינאײנעם.

ערשטער: אַן אָנגעשטעלטע מעשה געװען. בענדעט! בענ—דעט!

צװײטער: מען באַדאַרף פֿאַרלעשן דאָס פֿײַער. (זוכט אויף דער ערד.) אָט, זעסט, מיט אַ פּאָר פֿערד איז מען דאָ געװען. זײערע בריקעס געװען. איך דערקען דעם סליאַד. מיט משׂאות געפֿאָרן.

ערשטער: לאָמיר זיך לאָזן נאָכן סליאַד.

פֿרױען־שטימע: טוט עס נישט, טוט עס נישט.

ערשטער: טאָ לאָמיר אויפֿזוכן בענדעטן און אין שטוב אים אַרײַנברענגען. ער װעט פֿון זיך די נשמה אַרױסטרײַבן.

פֿרױען־שטימע: דאָס בעסטע, דאָס בעסטע.

צװײטער: ער האָט געמאַכט דעם גרויסן לחיים, אפֿשר איז ער ערגעץ אין אַ גראָבן אַרײַנגעפֿאַלן.

ערשטער: אפֿשר איז ער גאָר אין טײַך אַרײַנגעפֿאַלן.

צװײטער: אַך, װען איך כאַפּ עמעצן פֿון זײ. כ'װאָלט צום טויט דערשלאָגן.

ערשטער: שאַ, שווייג, עמעצער פאַרט. אפשר זענען עס די סוחרים.

צווייטער: מען פאָרט מיטן אַנדערן וועג. לאָמיר זיי גיין איבער־נעמען.

ערשטער: איך וועל נאָר אַ שטעקן אויסזוכן.

פרויען־שטימע: קומט שוין, קומט שוין פון דאָרטן.

צווייטער: מען פאָרט דאָרט, הערסט, די פערד כראָפּען.

(ער כאַפּט אַ שטיק האָלץ און לאָזט זיך לויפן.)

ערשטער: וואַרט אויף מיר.

(ער כאַפּט אויך עפּעס פון דער ערד, פאַרשווינדט.)

פרויען־שטימע: וואוהין לויפט איר? מען זאָל אייך, חלילה, נישט הרגענען. בעסער קומט אַהער — איך הער ווידער בענדעטס קול אויף דעם אַנדערן זייט. מיר דאַכט, ער שרייט „ראַטעוועט"!

(די לעצטע ווערטער אירע איז שוין שווער צו פאַרשטיין. קענטיק, זי איז אַנטלאָפן.)

(עס דערהערן זיך שנעלע טריט פון צווישן די תבואות.)

איציק (קומט אָן. ער פירט פאַרן האַנט מייטען): אומזיסט דיין לויפן. וואָס ס'האָט באַדאַרפט, איז געשען.

מייטע: פאַרלעש דעם פייער.

איציק: אויב אַ חתונה — זאָל זיין אַ חתונה. און מיט מיר זאָלסטו קיין צולהכעיסן נישט שפּילן. אָט אַזוי — דאָ וועלן מיר זיצן און זאָלן זיי זייערע קעפּ זיך פאַרדרייען. האָב קיין מורא נישט. דער טייוול וועט זיי קיינעם נישט נעמען. פיין, פיין, פיין. עמעצער האָט פאַר אונדז אַ פייער אָנגעלייגט. פורן, ווייזט אויס, זענען דאָך אויך געווען — — — נו, וואָס שווייגסטו? זאָל אַהער קומען לייבוש, וועל איך אים אויפן פייער אַרויפוואַרפן ווי דעם...

מייטע (לאַכט נערוועז.)

איציק: עס געפעלט דיר ניט? איך וועל נאָך קלעזמער אַהער ברענגען.

מייטע: וואָס וועט איצטער זיין?

איציק: וואָס וועט איצטער זיין? עס וועט באַלד אַהער קומען דער טאַטע מיט מענטשן.

מייטע: מיינסט עס אויף אַן אמת?

איציק: און מיר וועלן זיך מיט דיין טאַטן אין אַ געשלעג אַריינלאָזן.

מייטע: איך וועל עס נישט דערלאָזן.

איציק: און דיין לייבושן וועלן מיר דעם רוקן איבערברעכן.

מייטע: וואָס רעדסטו?

איציק: דו מיינסט, אַז אַזוי טרוקן וועט עס דיר אָפּגיין? מיינסט, אַז אַזוי גרינג וועט עס דיר אָנקומען מיט איציקן אַ שפּיל צו פאַרפירן?

מייטע: אָט אַזוי, ווי דו זעסט, קער איך זיך צוריק אַ היים.

איציק: דו וועסט קיינעם איצטער אין דער היים נישט געפינען. זיי האָבן זיך אַלע אַוועקגעלאָזט איבער די פעלדער אונדז זוכן... וואָס שווייגסטו?

מייטע: איך גיי אַהיים.

איציק: גיי דיר, אויב דו ווילסט, דו געהערסט נישט דיין טאַטן, נישט לייבן. וועסט שוין דעם געניק דיינעם צעברעכן און צו מיר וועסטו אַנטלויפן. וואו דו זאָלסט נישט זיין, וועלן דיך שוין שדים צו מיר ברענגען צו טראָגן. אין דער גרעסטער זאַווערוכע וועלן זיי דיך ברענגען.

מייטע: איך קען דיר באַווייזן, אַז דו ביסט ביי מיר גאָר קיין גרויסער יחסן נישט. איך האָב דיך פיינט. איך האָב דיך שטענדיק פיינט געהאַט. איך האָב פאַר מיין טאַטן נאָר מורא געהאַט.

איציק: איך פרעג נישט ביי דיר, צי דו האָסט מיך ליב, אָדער דו האָסט מיך פיינט.

מייטע: לייבוש איז בעסער פון דיר. לייבוש קען גאָר נישט אַזוי גראָב רעדן, ווי דו רעדסט מיט מיר. לייבוש האָט מיר נאָך אַפילו קיין מאָל קיין קוש נישט געגעבן, און דו... דו ביסט אַ גראָבער יונג. דו ביסט אַ פערד־הענדלער, און דו באַגייסט זיך מיט מענטשן ווי מיט פערד. איך האָב עס שוין אַ סך מאָל געזען. ווען דו וועסט מיך וועלן ליב האָבן, וועסטו מיך יעמאָלט מיט אַ בייטש שלאָגן. וויפל מאָל האָסטו מיר שוין מיט דער בייטש דערלאַנגט?

איציק: אַ שאָד, וואָס איך האָב איצטער אויך נישט מיין בייטש. איך וואָלט דיר באַוויזן, ווי איך האָב דיך ליב. וויינסט? שטעל זיך ביים פייער. זאָלן דיינע טרערן אויפן פייער פאַלן, וועסט זען — דער־פון וועלן מכשפות מיט בעזימער אין די הענט אַרויסשפּרינגען.

מייטע: איך וויין נישט. די מאַמע מוז איצטער וויינען; רייסט זיך די האָר פון קאָפּ.

איציק: דיין טאַטן האָט זיך געוואָלט אַ חתונה אָפּשפּילן אָן זיין אַלטן שותּף. און ווען איך האָב אַפילו ביי אים פון שטאַל די פערד יאָ אַרויסגענומען — טאָ וואָס האָט איינס צום אַנדערן? איציק, זאָגט מען צו מיר, גיב אָפּ צוריק די פערד. זיי אַ גוטער ברודער. און איך וואָלט אים אין זיין נאַרישער צורה אָנגעשפּיגן... און דו, אויב דו האַלטסט אַזוי מיט אים, קענסטו זיך גיין אַהיים. לייבוש וואָרט אויף דיר. ער איז אַ גוטער. ער וועט דיר קיין בייז וואָרט נישט זאָגן. גיי, לייבוש וואָרט אויף דיר. וואָס שוויגסטו? (נעמט זי אַרום.) זאָג מיר, וואָס שוויגסטו? פּונקט ווי דו וואָלסט זיך מיטן טייוול אָנגערעדט עפּעס אַ קונץ צו באַווייזן. ווי די אויגן דיינע בלישטשען פּונקט ווי ביי אַ קאַץ. ווילסט מיך אפשר אַ ביס טאָן? נאַ ביים. נאַ דיר מיין האַנט — בייס! און איך וועל דיר דעם קאָפּ אַראָפּדרייען... פאַר וואָס האָסטו איינגעווויליקט, דיין טאַטע זאָל דיך פאַרהאַנדלען צו אייזיקן?

מייטע: לאָז מיר אָפּ די הענט.

איציק: פאַרוואָס האָסטו צו די תּנאים געשוויגן?

מייטע: לאָז מיר אָפּ די הענט.

איציק: פאַרוואָס ביסטו אַזוי מיטן גוטן ווילן צו דער חופּה געגאַנגען?

מייטע: מיטן גוטן ווילן בין איך געגאַנגען?

איציק: געוויס.

מייטע: שווער זיך.

איציק (שלײדערט זי אָפּ פון זיך): אָט האָסטו דיר מיין שבועה!

מייטע: ניין, שווער זיך, צי איך בין מיטן גוטן וועלן צו דער חופּה געגאַנגען.

**איציק** (גייט צו איר): **איך וועל פון דיר אָט די דאָזיקע קליידער אַראָפּרייסן און אין פייער אַריינוואַרפן.**

(ער וויל עס טאָן.)

**מייטע: איך וועל דיר די הענט צעבייסן. איך וועל דיר די אויגן אויסדראַפּן... איך האָב ליב לייבושן. דיך האָב איך פיינט ווי אַ שפּין. איך האָב געוואָלט מיט אים חתונה האָבן.**

**איציק: שווער זיך!**

**מייטע: איך זאָל זיך נאָך פאַר דיר שווערן?**

**איציק: שווער זיך!**

**מייטע** (אומדערוואַרט רייסט זי פון זיך אַ טייל פון אירע קליידער אַראָפּ און וואַרפט זיך אים פלינק אין די אָרעמס אַריין): **אָט האָסטו מיין שבועה!**

**איציק: וואָס טוסטו, מייטע?**

**מייטע: איך וועל פון זיך אַלץ אַראָפּרייסן און זאָלן מיט מיר אַלע „נישט גוטע" הוליען...** (טוליעט זיך צו אים, ציטערט.) **זאָג מיר, וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן?**

**איציק: איך האָב דיך ליב.**

**מייטע: ניין, נישט דו האָסט מיך ליב. דו אַליין קענסט גאָר נישט ליב האָבן אַזוי שטאַרק, דו אַליין קענסט גאָר נישט אַזוי מיין חיות צערייסן. ווי טויזנט איציקס וואָלטן זיך אינאיינעם גענומען און אַלע וואָלטן מיך ליב געהאַט. און אַלע וואָלטן מיך געקושט. און אַלע וואָלטן פון מיר שטיקער געריסן... דאָס איז נישט אומזיסט, אי־ציק... זע וואו מיר זיצן. אפשר איז די פוסטע קרעטשמע אין דעם אַלעמען שולדיק? זע וואו מיר זיצן... אפשר זענען עס גאָר קיין מענטשן נישט געווען אויף דער חתונה?... איך האָב מורא, איציק, איך האָב מורא... עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אין אַ צאָן... דאָס ביסטו, איציק? אפשר ביסטו עס גאָר נישט איציק... אפשר... זאָג מיר, פאַרוואָס האָסטו מיך געבראַכט אַהער, אויף דעם אָרט, וואו כ'וועל באַדאַרפן מיין גאַנצן לעבן פוילן?... דאָס ביסטו.** (קושט אים.) **דאָס זענען דיינע אויגן, דיין פנים, דיינע הענט... אָט אַזוי דריק מיך פעסטער צו זיך, איך וויל דערקענען דיינע הענט, אָט אַזוי... ניין, דו קענסט דאָך מיך פעסטער אַרומנעמען, האָסט דאָך שטענדיק אַזעלכע**

שטאַרקע הענט געהאַט... איציק, האָב רחמנות אויף מיר... פיר מיך צוריק אַהיים...

איציק (באַפרייט זי): דיר איז קאַלט. כ׳וועל דיר צודעקן. וואָס ציטערסטו אַזוי? קום זעץ זיך נעענטער צום פייער.

מייטע: פאַרוואָס האָסטו מיך אַהער געבראַכט?

איציק: ווייל אַהער וועט אונדז קיינער נישט קומען זוכן.

מייטע: ווער זענען געווען די מענטשן, וואָס זענען דאָ דורכ־געלאָפן?

איציק: דורכפאָרער האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט, די פערד צו פּאַשען.

מייטע: און מער גאָר נישט?

איציק: וואָס דען האָסטו געמיינט?

מייטע: זעסט, ווי עס קנאַקן די העלצלעך אויפן פייער?

איציק: יעדער פייער איז אַזוי.

מייטע: פייערדיקע שלאַנגען דרייען זיך אַרום אין פייער.

איציק: יעדער פייער איז אַזוי.

מייטע (איר קאָפּ אויף זיין ברוסט): דו האָסט מיך ליב, איך ווייס עס. דו קענסט אָן מיר נישט לעבן, איך ווייס עס... איך בין זייער אַ שלעכטע. איך שווייג שטענדיק, ווען מען פרעגט ביי מיר; אָדער איך זאָג עפּעס אַנדערש. איך שווייג ווי אַ קאַץ און פאַרקלער שלעכטע זאַכן. אָ, וואָס פאַר אַ שלעכטע זאַכן איך פאַרקלער.

איציק: איך קען דיך גוט. איך וועל דיר נאָך דיינע קעציש נעגל אויסרייסן מיט די פלייש אינאיינעם.

מייטע: פאַר איין מענטשן אין דער וועלט האָב איך מורא — דאָס איז מיין טאַטע. אויף דער מאַמען האָב איך רחמנות... און דו מיין נישט, אַז איך האָב פאַר דיר אויך מורא... זאָג, וואָס וועט איצטער זיין?

איציק: דו וועסט זיין מיינע.

מייטע: ניין, איך וועל דיינע קיינמאָל נישט זיין.

איציק: דו ווילסט נישט?

מייטע: ניין, איך וועל דיינע נישט זיין. איך וויל זיין עמעצנס

אַנדערש, נאָר דו זאָלסט מיך יעדעס מאָל דורכן פענצטער אַרויס־גנבענען, אַט אַזוי ווי דו גנבעסט אַרויס אַ פערד פון אַ שטאָל?

איציק: און מיינע זיין ווילסטו נישט?

מייטע: איך וויל זיין ווייט פון דיר, אַז דו זאָלסט אַליין נישט קענען אויסגעפינען, וואוהין איך בין אַהינגעקומען. דו וועסט אַרומ־גיין ווי אַ משוגענער גאַנצענע טעג און גאַנצענע נעכט, נישט עסן און נישט טרינקען. וועסט די בעסטע פערד איינשפּאַנען און יאָגן זיך דורך וואַלד זומער און דורך פאַרשנייטע פעלדער ווינטער; ביז צום טויט וועסטו די פערד פאַריאָגן; מיט אַ שוים וועלן זיי זיין צו־געדעקט — און אַז דו וועסט מיך שוין אַמאָל יאָ אויסגעפינען — וועסטו מיך, ווי איצטער, האַלטן אַ געבונדענע ביים פייער און טאָן מיט מיר, וואָס דו וועסט אַליין וועלן.

איציק: איך האָב דיך איצטער אויך נישט געבונדן.

מייטע: האָסט מיט „נישט גוטע" אָפּגעמאַכט, אַז זיי זאָלן מיך היינט ביינאַכט אַרומשלעפּן איבער די פעלדער. (קושט אים. ווײנט.) איציק, היינט ביינאַכט איז דאָך ביי מיר חופּה געווען. איך בין דאָך היינט אונטער דער חופּה געשטאַנען. אַזוי פיל מתּנות האָט מען מיר אָנגעגעבן. וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט?

איציק: זאָג דו מיר, וואָס ווילסטו פון מיר?

מייטע: איך וויל, אַז דו זאָלסט וויינען, ווי איך איצטער.

איציק (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.)

מייטע: לאַך נישט אַזוי הויך, מען וועט דערהערן, אַז מיר זענען דאָ.

איציק: זאָלן זיי הערן. שפּעטער אָדער פריער זאָלן זיי וויסן. (שרייט.) קומט אַהער! קומט אַהער, דאָ זענען מיר!

מייטע: שווייג, כ'וועל דיר דאָס מויל פאַרשטאָפּן.

איציק: קומט אַהער, קומט אַהער!

מייטע: איך וויל נישט.

איציק: קומט אַהער, קומט אַהער!

מייטע: איך האָב דיך פיינט, ווי דעם ערגסטן.

איציק: דאָ איז מייטע — בענדעט, קום אַהער!

מייטע (רייסט זיך די האָר פון קאָפּ פאַר כּעס): דו וועסט עס נישט טאָן.

איציק: איך וועל עס יאָ טאָן. איך וויל קיין זאַך נישט באַהאַלטן. איין מאָל פאַר אַלע מאָל. זאָל זיין קלאָר פאַר אַלעמען. איך האָב דיך נישט געגנבעט און כ׳האָב זיך נישט וואָס צו באַהאַלטן מיט דיר.

מייטע (פאַלט אים צו די פיס): טו עס נישט, איציק. איך וועל די נאַכט נישט אַריבערטראָגן. וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר האָבן? איך וועל דיינע קיינמאָל נישט זיין. קיינמאָל נישט. — אָ, מיר איז קאַלט, איך וועל היינטיקע נאַכט נישט איבערלעבן... האָסט באַדאַרפט קומען מיט אַ האַק און מיר צעפּלעטן דעם קאָפּ, אָבער נישט טאָן דאָס, וואָס דו האָסט היינט מיט מיר און מיט אונדז אַלעמען געטאָן. איך האָב דעם גאַנצן אָוונט געטראַכט, אפשר וועסטו נישט קומען; טאָמער וועסטו נישט קומען.

איציק: און איך בין געקומען. און איך וועל דיר דיינע נעגל אויסרייסן.

מייטע: פאַרוואָס קומט עס מיר?

איציק: איך וועל דיר דיינע אויגן, דיינע ביינער, אַרויסרייסן, דאָס לייב צעפּאַסעווען און דערנאָך וועל איך איבער דיר ווייַנען און דיין לייב קושן. (ער אַרעמט זי אום, קושט זי ל״ידנשאַפטלעך.) דו ווילסט מיך פייניקן; דו ווילסט, איך זאָל מיר מיין קאָפּ צעברעכן; מיין האַרץ צעטרעטן. וואָס ווילסטו פון מיר? (עס הערן זיך טרערן אין זיינע ווערטער.) איך וועל אָן דיר משוגע ווערן. דו וועסט מיך משוגע מאַכן. איך וועל אָן אָפּגעריסענער אומלויפן איבער די פעלדער, ווי אַ משוגענער הונט, און אַלע וועלן אין מיר שטיינער וואַרפן; אַלע וועלן אויף מיר דרענגער וואַרפן. וואָס ווילסטו פון מיר? אַלץ וועל איך דיר געבן. זאָל איך דיר דיינע הענט קושן? (ער קושט אירע הענט.) אָט האָסטו דיר; זאָל איך דיר דיינע אויגן קושן?... אָט האָסטו דיר. נאַ דיר מיין האַרץ, צערייס עס און טרינק מיין בלוט אויס. עס דאָס פלייש אויף. צעטרעט עס מיט דיינע פיס. נאַ רייס מיט דיר די אויגן אויס און וואַרף זיי אין פייער אַריין... וואָס נאָך ווילסטו פון מיר? ס׳איז דיר ווייניק — וועל איך נאָך מיינע פיס מיר צעברעכן, אַז איך זאָל שטענדיק ליגן פאַר דיינע פיס און דו זאָלסט מיך ווי אַ הונט אָפּשטויסן פון זיך...

מייטע: מיט דיר אינאיינעם וועל איך מיר מיינע פיס צוברעכן...
אָ, איך וועל שוין פון אַזאַ אומלויפן די פיס צעברעכן.

איציק: איך וועל דיין טאַטן איבערבעטן, און זאָל ער מיר דיך אָפּגעבן.

מייטע: מיט אונדז ביידע איז היינט נישט פריילעך.

איציק: איך וועל לייבושן אויך איבערבעטן, ער זאָל מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב דיך פון אים צוגענומען פון אונטער דער חופה.

מייטע: כ׳האָב מורא.

איציק: איך וועל עס אַלץ טאָן.

מייטע (צעשראָקן): איך האָב מורא.

איציק: איך וועל מיט זיי אַלעמען דורכקומען.

מייטע: איך האָב פאַר אַלצדינג מורא: פאַר דיר, פאַרן פייער, פאַר די פעלדער... רוף עמיצן; זאָל מען קומען אַהער... מיר דאַכט, איך הער עמעצנס קול אין די פעלדער, רוף, זאָל מען אַהער קומען. קומט אַהער!

איציק: שריי נישט.

מייטע: קומט אַהער, איך בין דאָ!

איציק: זיי וועלן דיך אַ נאַקעטע געפינען, וועלן זיי דיר דיין לייב צעשניידן.

מייטע: זאָלן זיי!... קומט אַהער! איך האָב מו—רא.

איציק (קעמפט מיט איר, זי זאָל שווייגן, איר געשריי ווערט אָבער וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער.)

מייטע: נעמט מיך פון דאַנען צו! קומט אַהער! קומט אַהער!

איציק (ער לאָזט זי אָפּ.)

מייטע (שטייט פון דער ווייטן): איך האָב דיך פיינט. כ׳בין מיטן גוטן ווילן צו דער חופה געגאַנגען. כ׳האָב מיטן גוטן ווילן צוגעזאָגט דעם טאַטן, אַז לייבוש וועט מיין חתן זיין.

איציק (וויל גיין צו איר.)

מייטע (גיפטיק): גיי אַוועק פון מיר!

(עס הערן זיך קולות פון ווייטן.)

**איציק:** מען גייט אַהער! דער טאַטע גייט. אַלע גייען אַהער. דער טאַטע פאָרט רייטנדיק אויף אַ פערד. גיי, בעסער באַהאַלט זיך אין די קאָרנס, זיי זאָלן דיך נישט כאַפּן.

**מייטע:** דו אַנטלויף. איך האָב קיין מורא נישט.

**בענדעט** (זיין שטימע הערט זיך פון ווייטן): **ווער איז דאָרט?**

**מייטע:** איך בין עס, טאַטע; קום אַהער!

**איציק:** אָט וועלן מיר באַלד זען. קום אַהער, בענדעט! דאָ איז דיין טאָכטער. טאַנצט דאָ מיטן רוח אין דער פוסטער קרעטשמע!

**בענדעט** (קומט אָן): **ווער איז דאָ?**

**מייטע** (וואַרפט זיך בענדעטן אויפן האַלדז): **ראַטעווע מיך, טאַטעשי, ראַטעווע מיך, איך האָב מורא.**

**בענדעט:** וואָס איז דאָ געשען? גאָט מיין גאָט, ווי קומט זי אַהער?

(ווי ל איציק שטייט אין שאָטן, מערקט אים בענדעט ניט צוליב דעם פייער.)

**איציק** (פון זיין פּלאַץ): **נו, בענדעט, וואָס וועסטו איצטער זאָגן?**

**בענדעט:** ווער איז דאָרט? ווי קומט ער אַהער?!

**מייטע:** נעם מיך צו פון דאַנען, טאַטעשי; איך קען אַליין פון דאַנען נישט אַוועקגיין.

**בענדעט:** וואָס איז דאָ געשען, ווי קומסטו אַהער? דיינע קליידער וואו זענען? דיינע חתונה־קליידער?! וואָס טוט ער דאָ?! וואָס טוט ער דאָ?!

**איציק:** מיטן טייוול האָסטו געשפּילט, בענדעט.

**בענדעט:** האָסט אַהער מיין טאָכטער פאַרפירט, איך וועל דיר דיינע אויגן אויסרייסן!

(ער לאָזט זיך צו איציקן.)

**איציק:** קאָך זיך נאָר נישט אַזוי. האָסט דאָך אַליין דיין קאָפּ פאַרלאָרן. שיינער מענטש, דיר איז ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך מיט איציקן.

**בענדעט:** זאָג אים, ער זאָל שווייגן.

**מייטע:** טאַטעשי, נעם מיך צו פון דאַנען.

**בענדעט** (ווי ער זאָלט ערשט איצטער באַמערקן דעם פייער): **וואָס איז עס פאַר אַ פייער?!**

**איציק: דאָ ברענט דיין טאַטער; דאָ ברענט דיין פאַרמעגן; דאָ ברענסטו אַליין, דו אַלטער נאַר!**

**מייטע: שווייג אים נישט! טאַטעשי, שווייג אים נישט!**

**איציק: נו, בענדעט, קום אַהער, דיין טאַטער הייסט עס דיר.**

**מייטע: שווייג אים נישט, טאַטעשי, ער איז אין דעם אַלעמען שולדיק. ער אַליין, און מער קיינער נישט.**

**בענדעט** (וואַרפט זיך אויף איציקן. עס הייבט זיך אָן צווישן זיי אַ ווילדער קאַמף. ביידע פאַלן צו דער ערד, און דער שטומער קאַמף דויערט.)

**מייטע: דערשטיק אים, טאַטע, ער איז אין אַלץ שולדיק. דער־שטיק אים, וואַרף אים אויפן פייער אַרויף!... אַט אַזוי, דערשטיק אים.**

(עס קומען אָן אייזיק, לייבוש, כיענע און נאָך מחותנים.)

**כיענע** (אין שרעק): **מייטע, מייטע, גאָט איז מיט דיר!**

**אייזיק: ווער קייקלט זיך עס דאָרט אויף דער ערד?**

**לייבוש: ווער האָט עס פון איר די קליידער אַראָפּגענומען?**

**אייזיק: ווער איז דאָרט? בענדעט! איציק... קומט אַהער, לאָמיר זיי פונאַנדערייסן. וואָס איז דאָ? זיי וועלן זיך דערשטיקן קומט אַהער!**

(עס דויערט אַ שטילער אַנגעשטרענגטער קאַמף, ביז מען נעמט זיי ביידן פונאַנדער.)

**כיענע: וואָס איז? שמע ישראל! בענדעט, וואָס איז?**

**אייזיק: ווער האָט עס זיי דאָביידן צענויפגעבראַכט?**

(איציק און בענדעט לאָזן זיך ווידער איינער צום אַנדערן, נאָר מען האַלט זיי ביידן פעסט איינער פון אַנדערן דערווייטערט.)

**לייבוש** (צו בענדעטן): **מיט וועמען האָט איר זיך פאַרבונדן? וואָס איז מיט אייך געשען?**

**אייזיק: אין גאָטעס ווילן, אָט דאָ, אויף דעם דאָזיקן אָרט, מיט איציקן, מיט אים — בענדעט, וואָס איז מיט דיר?**

כיענע (ווײנט איבער מײטען): מײן קינד, מײן גאָלד, מײן בריליאַנט, רעד אױס אַ װאָרט. װער האָט עס דיך נאַקעט אין אײן העמד געלאָזן? װער האָט עס מײן שׂמחה פאַרשטערט?

אײזיק (מיט פאַרדאַכט): לאָמיר אַװעקגײן פון דאַנען, װאָס גיכער לאָמיר גײן.

אַ מחותן: װי קומען זײ אַהער אױף דעם אָרט? װער האָט דאָ דעם פײער אָנגעלײגט?

בענדעט (אָטעמט שװער): װאָס איז מיט מיר געשען? װאו בין איך?... אײזיק, קום צו מיר... מיט אונדז איז נישט גוט... אײזיק... (לאָזט זיך צו אײזיקן. אין שרעק.) לאָמיר פון דאַנען אַװעק־גײן. פיר מיך, איך האָב קײן כּוח נישט.

כיענע: מײן קינד, קום פון דאַנען. קום מיט מיר.

בענדעט (האַלט זיך אָן אײזיקן): איך האָב גאַרנישט געװאוסט, װאו איך בין... מיט װעמען האָב איך זיך עס געשלאָגן? װעמען האָב איך עס געװאָלט דערשטיקן?

אײזיק: קום פון דאַנען. (ער פירט אים.) קום פון דאַנען.

כיענע (פירט מײטען): מײן קינד; מײן קינד...

(זײ לאָזן זיך אַלע אַװעקגײן, נאָר עס קומט אױס, װי זײ װאָלטן עפּעס אין אַ נעץ אַרײנגעפּאַלן און קענען זיך פון אים נישט אַרױס־פּלאָנטערן; גײען אַװעק און בלײבן דאָך אױף דעם אײגענעם אָרט. אױסער איציקן, װאָס שטײט לעבן פײער גאַנץ זיכער און רואיק).

בענדעט: װאו איז דער װעג פון דאַנען?

לײבוש: דאָ, רעכטס קומט; אָט איז דאָך די סטעזשקע.

כיענע: לאָזט מיך נישט מיט מײן קינד אַלײן.

אײזיק: דאָ אַרום װעט מען דאָך צום װינטמיל אױסקומען.

כיענע: גלײך גײט, גלײך! װי איז מיר; װינד איז מיר. זאָל װער אַהער קומען. ײדן, קומט אַהער, העלפט אונדז!

בענדעט: װאו איז ער? זאָל ער װײזן דעם װעג.

איציק (רירט זיך פון אָרט נישט.)

אײזיק: נעמט זיך אָן בײ די הענט; האַלט זיך שטאַרק...

(ביסלעכװײז פּלאָנטערן זײ זיך אַלע אַװעק, װערן פאַרשװאונדן. עס

הערן זיך נאָך זייערע שטימען. איינער שרייט: „רעכטס!“ דער אַנ־דערער — „לינקס!“ ביז עס ווערט אײַנגאַנצן שטיל.)

**איציק** (קוקט אַ לאַנגע צײַט אין דער ריכטונג, וואו זיי אַלע זענען פֿאַרשוואונדן געוואָרן. שפּײַט אויפֿן פײַער): **טפֿוי זאָל עס ווערן!**

(דרייט זיך האַסטיק אויס און ווערט פֿאַרשוואונדן אין דער פֿינצ־טערניש.)

# פערטער אַקט

**ביי בענדעטן. דאָס אייגענע צימער ווי אין צווייטן אַקט. פאַרנאַכט. עס שלאָגן זיך אין שטוב אַריין די שטראַלן פון דער שקיעה.**

**מייטע** (זיצט ביים פענצטער. טרויעריק. אָנגעטאָן אין אירע וואָכעדיקע קליידער. די האָר אין אומאָרדענונג. קוקט יעדע ווילע אַרויס פון פענצטער, ווי זי זאָל אויף עמעצן וואַרטן. גייט אין צווייטן צימער אַריין, מוטלאָז און פאַרקלערט.)

**שאַכנע** (באַוויזט זיך מיט דער פלייצע אין טיר, און דאָס געזיכט צו דרויסן געווענדט. רופט): **ציפּ, ציפּ, ציפּ! ציפּ, ציפּ, ציפּ! ווילן אין שטוב נישט אַריינגיין... ציפּ, ציפּ, ציפּ, הינדעלעך...**

**מייטע** (קומט אַרויס פון צווייטן צימער. טראָגט אירע מתּנות, וואָס זי האָט אויף איר חתונה פון די אָנגעפּאַרענע סוחרים געקראָגן: זיידן־שטאָף, זיידענע טיכלעך, גאָלדענע צירונג און פּערל. זי הייבט זיך אָן אויספּוצן אין דעם, פּרוּווט אויפן קאָפּ אַ זיידן טיכל, מעסט איר גאָלדענע קייט אָן. מעסט די זייד, ווי עס וועט פּאַסן פאַר אַ קלייד.)

**שאַכנע** (אין טיר): **ציפּ, ציפּ, ציפּ, הינדעלעך! אין שטוב אַריין, הינדעלעך.**

**מייטע: וואָס באַדאַרפט איר האָבן די הינער אין שטוב?**

**שאַכנע: אָבער נישט אַריינצוגאָרן זיי אין קאָטוך אַריין. לייגן זיך ערגעץ אויפן בוידעם, אין די שטאַלן. זאָלן זיי זיך צוגעוויינען צום קאָטוך.**

**מייטע: די מאַמע וועט שרייען.**

**שאַכנע: זי וועט עס וועלן ליידן. דער קאָפּ איז איר, נעבעך,**

פאַרדרייט, קען זי עס אַליין נישט טאָן... ציפּ, ציפּ, ציפּ, הינדעלעך! (ער באַקומט פון קעשענע אַ שטיקל ברויט, צעברעקלט עס, און שיט פאַרן שוועל, רופט.) ציפּ, ציפּ, ציפּ, הינדעלעך... דער האָן, צו אַלדי שוואַרץ יאָר, קלייבט אויף די ברעקלעך אַליין און די הינער לאָזט ער נישט צו. אַקיש! פאַר אַלדי שוואַרץ יאָר זאָלסטו גיין! ציפּ, ציפּ, הינדעלעך! אין אַלץ האָט מען פאַרגעסן. אַלץ אויף הפקר געלאָזן. אַ שטאַל פערד שטייט, און מען זאָל עס גאָר צו זיי אַ קוק טאָן... ציפּ, ציפּ, הינדעלעך!

**מייטע:** איר שיט ברעקלעך פאַרן שוועל — מען טאָר נישט!

**שאַכנע:** נישט קיין בייז; די הינער וועלן עס אויפקלייבן. (ער באַמערקט אויף מייטען די צירונג.) וואָס טוסטו, מיין קינד?! מען טאָר נישט. וואַרף עס אַוועק! באַהאַלט עס. —

**מייטע:** ס'איז אפשר נישט שיין?

**שאַכנע:** ס'איז נישט רעכט. טו עס אויס... ס'איז נאָך נישט באַוואוסט, וואָס אין יענער נאַכט האָט זיך אָפּגעטאָן... אפשר וועט גאָט געבן, דעם דאָך שוין אויך היינט אַרויפּגעזעצט. זאָלן זיי גיין צוריק אין זייער רו אַריין.

**מייטע:** דו מיינסט אויך, אַז נישט־גוטע זענען אויף דער חתונה געווען?

**שאַכנע:** נישט ברענג עס פאַר דיין מויל. ששש... נישט ברענג עס פאַר דיין מויל. מען וועט עס גאָר באַדאַרפן פאַרברענען, וואָס זיי האָבן דאָ איבערגעלאָזן.

**מייטע:** דאָס זענען דאָך געווען סוחרים, איציק קען זיי.

**שאַכנע:** נישט דערמאָן זייער נאָמען, הערסט וואָס מען זאָגט צו דיר. דער עכברוש, זיין נאָמען זאָלסטו אויך נישט דערמאָנען. נעם אַ פאַטשיילע און דעק צו דעם קאָפּ. מען טאָר נישט אַזוי. דער טאַטע וועט קומען, וועט מען איינשפּאַנען פערד און מען וועט פאָרן צו איזיקן.

**מייטע** (לאַכט אין דער שטיל.)

**שאַכנע** (קוקט זי אָן און שאָקלט פאַרדאגהט מיטן קאָפּ): ווייסט, וואוהין דער טאַטע איז געגאַנגען?

**מייטע:** איך ווייס נישט.

שאַכנע: און די מאַמע?

מייטע: איך ווייס נישט.

שאַכנע: אַ שטוב איז חרוב געוואָרן; אַזאַ שׂמחה פאַרשטערט געוואָרן — און דו ווייסט גאָרנישט... דעם קאָפּ, מיין קינד, זאָלסטו צודעקן! — הערסט וואָס מען זאָגט דיר?

מייטע: ס'איז דאָך מיין דרשה־געשאַנק.

שאַכנע: ווען דער טאַטע זאָל איצטער זיין, וואָלט ער דיר דיין הויט צעפּאַסעוועט.

מייטע: ער וועט עס נישט טאָן.

שאַכנע (ווייכער): אַז דיין זיידע זאָגט דיר, באַדאַרפסטו אים אויך פאָלגן. פאָלג מיר, מיין קינד, טו עס אויס. ווער ווייסט, פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען. ווער זענען זיי געווען, די יידן? אָנגעקומען, ווי דער ווינט וואָלט זיי אָנגעטראָגן. מיט פידלען, מיט פייפיאָלן, מיט פויקן, דער גוטער יאָר ווייסט, וואוהין זיי זענען אַהינגעקומען... נעם בעסער לייג אָן אַ פייער, מיין קינד, זאָל ליכטיק זיין אין שטוב.

מייטע: איך וויל נישט איינשמירן די הענט אין סאַזשע.

שאַכנע (קוקט זי פאַרדעכטיקט אָן): וואָס נאָך?

מייטע: איך וויל נישט איינשמירן די הענט אין סאַזשע.

שאַכנע: וואָס איז דאָס?... כ'האָב מורא צו בלייבן מיט דיר. (ער שפּאַלט שטיקלעך קין.) מען וועט עס פון דיר אַרויסטרייבן. ס'איז נאָך עצות פאַראַנען.

(ער לייגט אָן אַ פייער אויפן קוימען. עס ווערט אין שטוב אַ רויטער שיין.)

מייטע (שפּאַצירט אום איבערן צימער, אויף זיך אַלע צירונג, ווי זי וואָלט עמעצן דערוואַרטן.)

שאַכנע: גיי דיר אַוועק פון מיר, גיי דיר אין יענעם חדר אַריין.

(ס'איז צו מערקן, אַז דער אַלטער שרעקט זיך מיט איר אַליין צו בלייבן.)

מייטע (שפּאַצירט צום צווייטן צימער, וויל אין אים אַריינגיין, נאָר שוין אין טיר דערשרעקט זי זיך פלוצלונג. שפּרינגט אָפּ הינטער זיך מיט אַ קוויטש. זי פאַרלירט פון זיך אַ טייל פון די צירונג, וואָס אויף איר איז געווען אָפּגעהאַנגען.)

**שאַכנע:** וואָס אי׳?

(האָט נישט קיין דרייסט צוגיין נעענטער.)

**מייטע: ווער איז דאָרט אין דער אַנדערער שטוב?!** (שרייט צום טיר פון צימער.) **ווער איז דאָרט?!**

(שטייט פון דער ווייטן בלאַס. ס׳הערשט אַ טויטע שטילקייט. דער אַלטער שטייט אויך צעשראָקן און קוקט אַ מאָל אויף מייטען און אַ מאָל צום טיר פון אַנדערן צימער.)

**מייטע: גיי, זיידע, גיי, וואָס איז דאָרט?**

**שאַכנע: ווער איז דאָרט?** וועמען האָסטו דאָרט געזען?

**מייטע: ווער איז דאָרט?!**

**שאַכנע: וואָס האָסטו געשריען?**

**מייטע: ביסט דאָך אַן אַלטער ייד, וואָס האָסטו מורא אַריינ־צוגיין?**

**שאַכנע: מען הערט דאָך גאָרנישט.**

(עס קומען אַריין אייזיק און כיענע. זיי בלייבן פאַרוואונדערט אַ ווײַלע זעענדיק שאַכנען און מייטען אַזוי צעשראָקן.)

**כיענע: וואָס איז דאָ געשען?**

**אייזיק: ווידער אַ מעשׂה. משוגע קען מען דאָך דאָ ביי אייך ווערן. אַלץ האָט זיך דאָ ביי אייך אין שטוב איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.**

**מייטע** (טוליעט זיך צו דער מוטער.)

**כיענע: גאָט איז מיט דיר. וואָס האָסטו אויף זיך אָנגעטאָן אָט די דאָזיקע זאַכן... וואָס האָסטו עס אָנגעטאָן, ווי איז מיר...**

(זי נעמט פאָרזיכטיק אַראָפּ פון מייטען די צירונג און לייגט עס אין שירץ אַריין.)

**אייזיק: וואָס האָט דאָ ווידער געטראָפן? וואָס שטייט איר אַזוי, ר׳ שאַכנע, און איר שווייגט?**

**שאַכנע: כ׳האָב די הינער געוואָלט אַריינגנעמען אין שטוב אַריין און כ׳האָב בשום אופן נישט געקענט זיי פאַרנאַרן. דער האָן, צו אַלדי שוואַרץ־יאָר, האָט אַלע ברעקלעך אויפגעקליבן. מען ווייסט נישט, וואו זיי לייגן זיך.**

**אייזיק** (קוועטשט מיט די פלייצעס): **נו, איז וואָס? וואָס האָט עס מיט די הינער צו טאָן? ווי איר זעט מיך לעבן, איך בין דאָך עפּעס אַן עלטערער מענטש, איך הייב שוין אָן אַליין מורא צו האָבן פאַר אייער שטוב. וואו איז בענדעט?**

כיענע: **ער איז אין שטאָט אַריין געפאָרן אָן עצה האַלטן זיך, וואָס צו טאָן, פרעגן, אפשר האָט עמעצער געהערט אָדער געזען די סוחרים... אפשר האָט מען זיי געזען דורכפאָרנדיק.**

אייזיק: **האָט מען זי אויך באַדאַרפט מיטנעמען.**

מייטע: **וועמען?**

אייזיק: **טאַקע דיך מיין איך. האָסט אויך באַדאַרפט מיטפאָרן מיטן טאַטן אין שטאָט אַריין. וואָס האָסטו עס אָנגעטאָן אויף זיך? זעסט, אַז טאַטע־מאַמע גייען פון זינען אַראָפּ, און דו... פאַרוואָס פרעגסטו זיך נישט נאָך אויף לייבושן? פרעגסט נישט, וואָס ער מאַכט. ער האָט מיך געשיקט געוואָר ווערן, וואָס מיט דיר הערט זיך — און דו פוצסט זיך, דער גוטער יאָר ווייסט, אין וואָס...**

**כיענע** (לייגט אַרויס פאַרזיכטיק די צירונג פון איר שירץ און דעקט עס אַריבער.)

שאַכנע: **גייט זעט, וואָס איז דאָרט אַזעלכס אין דעם אַנדערן חדר.**

כיענע: **צינדט אָן אַ שטיקל ליכט, וואָס רייכערט מען די קין, ווייס איך נישט וואָס?!**

**מייטע** (גייט צום פענצטער און זעצט זיך דאָרט, שווייגט פאַר־שטומט.)

**כיענע** (צינדט אָן אַ ליכט): **וואָס האָבן זיי דאָרט געזען אַזעלכס?**

אייזיק: **קומט, כיענע; קומט איר, ר׳ שאַכנע, אויך. לאָמיר, אדרבא, זען, פאַרוואָס מענטשן שרעקן זיך.**

(זיי גייען גאַנץ פאָרזיכטיק אַריין מיט אַ ליכט אין צווייטן צימער.)

**מייטע** (קוקט פון איר אָרט צום טיר אָנגעשטרענגט אין ערוואַרטונג. אין צווייטן צימער דערהערן זיך פלוצלונג קולות פון אַ הוג, וואָס מען וויל כאַפּן און זי לאָזט זיך נישט. זי קוקט פאַרוואונדערט מיט ברייט־געעפנטע אויגן.)

**כיענע** (קומט אַרויס. טראָגט אַ שוואַרצע הון) : **משוגעים מענטשן. די שוואַרצע הון איז דאָך עס. דער פענצטער איז געווען אָפן, איז זי אַריינגעשפּרונגען. אויפן בעט איז זי געזעסן.**

(אַלע באַקוקן די הון מיט פאַרדאַכט.)

**אייזיק : איר דערקענט זי ? דאָס איז טאַקע אייער הון ?**

**כיענע : גאָט איז מיט אייך. ווייסט, איך דערקען נישט מיין הון ? שטענדיק זיצט זי אין שטאַל דאָרט מיט דער בהמה, און היינט — מען האָט זי גערופן — דער אַלטער נאַר — נאָך וואָס, שווער, האָט איר די הינער גערופן אין שטוב אַריין ? ווער האָט עס אייך גע־בעטן ?**

**אייזיק : אַ וואָזשנע הון. שווער ווי אַ שטיין. ס׳איז אַ פּאַראַיאַריקע, מסתמא ?**

**כיענע : איך וועל אומישנע גיין אין שטאַל אַריין און זען, צי די שוואַרצע הון איז דאָרט דאָ...** (צו מייטען.) **וואָס קוקסטו אַזוי פאַרוואונדערט ? זעסט דאָך, אַז ס׳איז אונדזער שוואַרצע הון, דו דער־קענסט זי נישט ? קומט מיט מיר, שווער, אין שטאַל אַריין, וועט איר זען, אַז יענע הון איז דאָרט נישטאָ.**

(זי גייט אַרויס, שאַכנע גייט איר נאָך מיט אַן אָנגעצונדן ליכט.)

**אייזיק** (מיט דער הון אין האַנט) : **געקומען דיך צונעמען צו מיר אַהיים. לייבע האָט אויך געוואָלט מיטפאָרן, נאָר איך האָב מיר מישב געווען — איך וועל אַליין צופאָרן געוואָר ווערן. — הערסט וואָס מען רעדט צו דיר ?**

**מייטע : איך וועל נישט פאָרן.**

**אייזיק : לייבוש וועט דיך אויף די הענט אַרומטראָגן.**

**מייטע : איך וועל צו אייך נישט גיין.**

**אייזיק** (שטרענגער) : **ווייסט, אַז דו ביסט מיט אים אונטער דער חופּה געשטאַנען ? ביסט זיין ווייב.**

**מייטע** (גלייכגילטיק) : **איך האָב אים נישט ליב.**

**אייזיק : מען פרעגט נישט ביי דיר, צי דו האָסט אים יאָ ליב אָדער ניין.** (קוקט פאַרדעכטיק אויף דער הון, וואָס ביי אים אין האַנט.) **הער וואָס מען רעדט צו דיר.**

מייטע: איך וועל צו אייך אַהיים נישט גיין.

אייזיק: איר וועט דאָך אין יענער קרעטשמע נישט וואוינען. שוין, ווערט זי פאַרברענט. מען האָט זי דאָך צוריק אויף איר אָרט אַוועקגעשטעלט זאָל זי דאָרט פוילן, איך וועל פאַר דיר און לייבען אָפּגעבן מיין אַנדערע האַלבע שטוב.

מייטע: און איך וועל צו אייך אַהיים נישט גיין.

אייזיק: מען האָט שוין דאָרט אַפילו אויסגעקאַלכט אויך.

מייטע: איך האָב אים נישט ליב.

אייזיק: זאָלסט זען, וואָס פאַר אַ פּאָר דעמבענע בעטן מען האָט געמאַכט פאַר אייך... זאָג, פאַרוואָס האָסטו אים פיינט? קלערסט נאָך אַלץ וועגן איציקן? איצטער איז שוין אַלץ פאַרפאַלן. וואָס ווילסטו פון אים? ער איז דאָך אַ גנב. ער האָט דאָך דיין טאַטן אומגליקלעך געמאַכט. (פּלוצלונג) איך מיטן טאַטן, מיר וועלן דיך בינדן און מיט געוואַלט וועט מען דיך אַוועקפירן. הערסט? ווייסט, אַז דו ביסט אַ יידישע טאָכטער?! מען וועט דיך אין חרם אַריינוואַרפן. וואָס גייסטו מיט אַ הוילן קאָפּ?! צוליב דיר איז דאָ אַזאַ פאַרדרייעניש געוואָרן. וועסט נאָך דיין טאַטן און דיין מאַמען פון זינען אַראָפּפירן... וואָס שווייגסטו? ווילסט מיר שוין גאָרנישט ענטפערן? פון מיינעטוועגן — ס'האַרט מיר פאַר דיר גאָרנישט. זאָל שוין דיין טאַטע טאָן מיט דיר וואָס ער וויל, ס'איז זיינע אַ טאָכטער... הערסט, מען וועט דיר געבן גט, און אַן עק מיט אַ סוף וועט עס נעמען... נו, וואָס שווייגסטו? איך באַדאַרף דאָך לייבושן אַ תשובה ברענגען. וואָס זאָל איך אים זאָגן?

מייטע: זאָגט אים, אַז איך וועל צו אים נישט קומען.

אייזיק: מיינסט עס טאַקע אַזוי צו טאָן? עס וועט דיר אַזוי גרינג נישט אַראָפּגיין. (צו דער הון.) אַ, די כפּרה זאָלסטו גיין! וואָס האָט מען מיר אַ הון אין האַנט געגעבן, איך זאָל זיך האַלטן מיט איר?!

מייטע: זאָגט לייבושן, אַז ער זאָל אַליין קומען, וועל איך מיט אים רעדן.

כיענע און שאָכנע (קומען אַריין): דאַכט זיך, אַז זי זיצט דאָרט.

כיענע: דער גוטער יאָר ווייסט, אין דער פינצטער זענען אַלע הינער שוואַרץ.

**אייזיק:** איז זי דאָרט נישאָ?

**כיענע** (נעמט פון אייזיקן די הון): פאַרוואָס ס'איז דאָ פאַראַן מורא צו האָבן.

**אייזיק:** ווי שטיל זי איז.

**כיענע:** איך וועל זי אַריינוואַרפן אין קאָטוך אַריין. (זי טוט עס.) אַן עק זאָל עס נעמען; איך וועל פון זינען אַראָפּ. אַלץ האָט זיך אויף מיין קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. שוין, מען האָט דאָך שוין די קרעטשמע אויך צוריק אויפגעבויט. אַ כפרה זאָל עס גיין פאַר אַלע זינד. פריער צעוואָרפן, איצטער ווידער אויסגעבויט — זאָל עס אַ סוף נעמען... מיין קינד, אייזיק איז געקומען דיך נעמען צו זיך אַ היים.

**אייזיק:** איך האָב גערעדט מיט איר, וויל זי אפילו גאָר נישט ענטפערן. איך זאָג איר, אַז מען האָט פאַר איר די אַנדערע העלפט שטוב אויסגעקאַלכט, אַ פּאָר דעמבענע בעטן אַוועקגעשטעלט — זאָגט זי — כ'ווייס וואָס זי זאָגט. זי איז דאָך אייערע אַ טאָכטער — זאָל איך מיר מוסר נפש זיין? מיין זון וועט זיך אויך נישט לייגן אַ לעבעדיקער אין דער ערד אַריין.

**כיענע:** מיין קינד, הער וואָס מען רעדט צו דיר. איך וועל זיין שטאַרקער פון אייזן, אַז איך וועל עס איבערטראָגן. פאַרוואָס קומט עס מיר? (מיט טרערן.) פאַר וועמעס חטאים? רעד אַ וואָרט. מען פרעגט דאָך ביי דיר, ווי ביי אַ מענטשן — וואָס ווילסטו האָבן פון מיר?

**אייזיק:** לייבושן, זאָגט זי — האָט זי נישט ליב.

**שאַכנע:** און איך זאָג, אַז מען האָט עס נישט געטאָרט. אייזיק איז שולדיק. האָבן זיך פריער מיט איציקן דאָס וואָרט געגעבן, זי מיט איציקן, און קיינעם נישט דערציילט. איצטער טשעפּעט זיך עס.

**אייזיק:** מען פרעגט נישט ביי איר, צי זי האָט דאָס וואָרט געגעבן. זי האָט אויך אַ גרויסע דעה?

**מייטע:** יע, דאָס וואָרט געגעבן. דער טאַטע אַליין האָט דאָס וואָרט געגעבן און שפּעטער האָט ער חרטה געהאַט.

**אייזיק** (אויסער זיך): צו אייערע קעפּ זאָל עס אויסגיין — ווי איר האָט מיר מיט מיין קינד די קעפּ פאַרדרייט.

כיענע: (שרייט אויך אויפגעבראכט): וואָס זענט איר אַהער יעמאָלט געקומען דרייען אונדז אַ מוח מיט דער קרעטשמע? ווער האָט אייך געבעטן, איר זאָלט זי קומען קויפן? זי איז געשטאַנען פּוסט, האָט עס קיינעם נישט באַדאַרפט דאַרן דער קאָפּ. וואָס זענט איר גע־קראָכן אין דער בלאָטע אַריין? מען האָט באַדאַרפט פריער אין שטאָט אַריין פאָרן; מיט מענטשן זיך מישב זיין, צי מען זאָל עס גאָר טאָן. וואָס האָט איר פון מיר געוואָלט? איך האָב מורא געהאָט. איר האָט געשריען, אַז איך האָב מורא. מיין קינד האָט אַ חתן געהאָט, און איר זענט געקומען און בענדעטן דעם קאָפּ פאַרדרייט.

אייזיק: נאָך אַזעלכע טויזנט ווי מיר ביידע וועט בענדעט דעם קאָפּ פאַרדרייען. אַ שיינע מעשה, כ׳לעבן, איך האָב גאָר בענדעטן דעם קאָפּ פאַרדרייט.

כיענע: בענדעט ווייס דאָך נישט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער גייט אַרום. קרעטשמע איין און קרעטשמע אויס — אָט איז ער גע־שטאַנען און געציטערט ווי אַ פיש, מען זאָל זי שוין וואָס גיכער צוריק אויפבויען. אָט האָט ער זיך גאָר געלאָזט יאָגן, די פערד פאַר־שמיסן, טאָמער וועט ער די סוחרים ערגעץ טרעפן. ער איז דאָך פאַרווירט געוואָרן. ער ווייסט דאָך אַליין נישט וואָס ער טוט. און אין דעם זענט איר אַלץ שולדיק.

אייזיק: וועט מען איר געבן גט.

כיענע (וויינט): צו אייער קאָפּ וועט עס אויסגיין! וואָס האָט מען צו מיין קינד געהאָט? וואָס האָט מען פון מיין איין און אייינציק קינד געוואָלט? אַזאַ ליכטיקע נשמה — וואָס האָט מען זיך אויף מיר אָנ־געזעצט?

שאכנע: געגנוג שוין; זאָל שוין זיין גענוג.

כיענע: פאַרוואָס האָבן זיי זיך יעמאָלט ביי נאַכט ביידע געשלאָגן, שיר צום טויט נישט דערשטיקט. וואָס האָט איר בענדעטן אָנגערייצט אויף אים? גטן, זאָגט ער גאָר, וועט ער מיין טאָכטער. איך לאַך פון אייער קאָפּ! איך וויל אייך נישט קענען.

שאכנע: באַקלער זיך וואָס דו רעדסט, כיענע.

אייזיק: איך הייב מיך שוין אויך אָן צו שרעקן. איז דאָס כיענע? כ׳האָב זי דאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזוי רעדנדיק. כיענע — און

**אַזאַ מויל. איך גלייב דאָך מײנע אייגענע אויערן נישט. נאָך וואָס האָב איך עס באַדאַרפט האָבן אַזאַ פּעקל צרות אויף מײן קאָפּ? פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס כ'האָב מיך מיט אײַך פאַרבונדן, איז ווי איך וואָלט אַרײַנגעפאַלן צו נישט־גוטע אין די הענט אַרײַן. די הויט מײַנע ציטערט אויף מיר.**

**כיענע: וואָס האָט איר געהאַט צו מײַן קינד, וואָס?**

**בענדעט** (רייסט זיך אַרײַן אין שטוב, מערקט קיינעם ניט. ער טראָגט אַ בונט שטרוי. שטאָפּט די שטרוי אין אויוון אַרײַן און צינדט עס אָן. שרייט צו די הויז־לײַט): **גיכער, לייגט שפּענער אין אויוון אַרײַן! וואָס שטייט איר ווי די ליימענע גולמס. העלפט מיר אָנלייגן אַ פייער. נאָך שפּענער אין אויוון לייגט!**

(איילט צוריק אין דרויסן אַרויס.)

**כיענע און שאַכנע** (פאָלגן בענדעטס באַפעל. ווי פאַרכישופטע אַרבעטן זיי ביידע ביים אויוון. לייגן טרוקענע שפּענער קין, וואָס זיי געפינען אונטער דער האַנט שטאָפּן זיי אין אויוון אַרײַן, פאַרגעסן גאָר אָן דעם גאַנצן שמועס, וואָס עס איז ביז בענדעטס אַרײַנקומען גע־פירט געוואָרן.)

**מייטע** (בלײַבט אויף איר פּלאַץ גאַנץ גלייכגילטיק צו דעם, וואָס עס קומט פאָר.)

**אייזיק: עס שטעלן זיך מיר די האָר אויף מײַן קאָפּ קאַפּויער. ניין, מען מוז מיט דעם אַלעמען אַ סוף מאַכן.**

(גייט שנעל אַרויס, אַ קלאַפּ געבנדיק מיט דער טיר.)

**כיענע** (מערקט גאָרנישט, אַז אייזיק איז שוין אַוועק צו מייטען): **וואָס שווייגסטו, מייטע? ברענג אַרײַן נאָך טרוקענע האָלץ, גיכער. נאָך שטרוי ברענג אַרײַן.**

(מאַכט דעם פייער אַלץ גרעסער און גרעסער.)

**בענדעט** (לויפט אַרײַן ווידער. ער טראָגט אויף זיך אַ גאַנצן געשפּאַן פון אַ פּאָר פערד; צווײ כאָמוטן, לאַבעדריקעס, צוימען, אַ בייטש אויף אַ לאַנגן טראָסטענעם שטעקל. ער הייבט עס אַלץ אָן צו פּאַקן אין אויוון אַרײַן. שרייט): **העלפט מיר; וואָס שטייט איר ווי די ליימענע גולמס?! העלפט מיר עס אין אויוון אַרײַנשפּאַרן. צו אַלדי שוואַרצע יאָר די כאָמוטן קריכן נישט... ברענגט מיר אַ האַק אַהער! גיכער,**

**אַ האַק — וואָס שטייט איר? מייטע, גיב מיר די האַק אַהער!** (מען דערלאַנגט אים אַ האַק און ער, מיט אַ ווילדן כּוח הייבט ער אָן צו האַקן די כאָמוטן אויף שטיקער און שפּאַרט עס אין אויוון אַריין. שרייט.) **נאָך שטרוי פון אויבן לייגט! אָט אַזוי, איצטער נאָך שפּע־נער. אויפן אויוון ליגן טרוקענע שפּענער, גיט זיי אַהער. אָט אַזוי... מען זאָל נישט וויסן, וואָס דאָ ברענט אַזעלכס אין אויוון...**

(ער ציטערט פאַר אויפרעגונג, קוקט אין אויוון אַריין ווי עס ברענט. אַ שווייס גיסט זיך פון זיין פּנים.)

**כיענע** (קומט צו זיך, ווענדט זיך צו בענדעטן)**: זאָג מיר, וואָס איז געשען אַזעלכס?**

**בענדעט** (עפנט דעם פענצטער און קוקט אַרויס, צו די שטוב־לייט)**: איר הערט גאַרנישט? זעט, מען פאַרט נישט אַהער?**

**שאַכנע: וואָס איז פאַר אַ ברענען אַזעלכע זאַכן?**

**בענדעט** (איילט ווידער צום אויוון, זעט ווי עס ברענט און באַלד קערט ער זיך צוריק צום פענצטער)**: איצטער האָב איך שוין קיין מורא נישט. זאָלן זיי קומען.**

**כיענע: אָבער וואָס איז געשען?**

**בענדעט: וואָס איז געשען? אומגליקלעך האָבן מיר געקענט זיין. אפשר דרייסיק גוים לאָזן זיך אַהער זוכן יענע פערד. זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז יענע פערד זענען ביי מיר. עמיצער האָט דערטראָגן. אפשר דרייסיק גוים, מיט רידלס אויף די פּלייצעס, לאָזן זיך גלייך אַהער. זע, צי עס ברענט. זאָל קיין שליאַד דערפון נישט בלייבן. דאָס איז דאָך פון יענע פערד דער געשפּאַן געוועזן.**

**כיענע** (שפּייט דריי מאָל אויס)**: טפוי זאָל עס ווערן. אָן כּוחות בין איך געבליבן. די נשמה איז מיר שיר נישט אַרויס. איך האָב שוין קיין כּוח נישט. אוי, איך האָב שוין קיין כּוח נישט.**

**בענדעט** (קוקט אין פענצטער.)

**שאַכנע: וואָס זעסטו דאָרט?**

**כיענע: יענע פערד האָסטו דאָך אַליין ג ע ק ו י פ ט. געקויפט האָסטו דאָך, ווייז איז מיר. דערמאָן זיך, בענדעט. האָסט דאָך אַליין פאַר זיי באַצאָלט... וואָס איז מיט דיר? פאַרוואָס האָסטו אַזאַ גע־שפּאַן פאַרברענט? וואָס האָט זיך דיר געחלומט? וואָס זאָגט איר,**

שוועך, צו אַזאַ אומגליק? דאָס זענען דאָך די פערד, וואָס דו האָסט אויפן יאַריד געקויפט און באַצאָלט פאַר זיי...

שאַכנע: דאכט זיך טאַקע, אַז דאָס זענען געווען יענע פערד.

בענדעט (שווייגט, דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. ווי ער וואָלט זיך איבער־לייגן, צי איז עס ווירקלעך געקויפטע פערד געווען.)

כיענע: נישט אַנדערש דו ביסט פון זינען אַראָפּ. (זי קוקט אין אויוון און וויינט.) פאַרברענט. אַזאַ גוטס. אַליין מיט די אייגענע הענט פאַרברענט. די גויים זענען פון פעלד געגאַנגען, פון דער אַרבעט. דאָס גראָבן זיי דאָך אַ גראָבן לעבן וואַלד. האָסט דאָך אַליין געזען, ווי זיי גראָבן דאָרט...

בענדעט: אויב אַזוי, פאַרשטיי איך שוין. איך הייב שוין איצטער אָן צו פאַרשטיין וואָס דאָ איז געשען. (ער גייט צום אויוון און קוקט, ווי עס ברענט, שאָקלט מיטן קאָפּ.) איצטער, הייסט עס, הייב איך שוין אָן אַלצדינג צו פאַרשטיין. מען האָט זיך גענומען צו מיר... אַזוי גלאַט וועט עס מיר נישט אָפּגיין. איך האָב „זייער" נעסט צעררודערט דאָרט. די קרעטשמע האָב איך צעוואָרפן... נו, האָב איך זי דאָך שוין צוריק געלאָזט אויפבויען. אַ חתונקע האָבן זיי מיר אויפגעשפּילט מיט אַ דרשה־געשאַנק... דרשה־געשאַנק האָבן זיי מיר געבראַכט...

(טוט פלוצלונג אַ נעם דעם אַלטן שאַכנען פאַרן האַנט.) קום מיט מיר, טאַטע, כ'וועל דיך אויפזעצן רייטנדיק, קום מיט מיר.

כיענע (אין שרעק): וואָס מיינסטו צו טאָן?

בענדעט: קום, טאַטע, מיט מיר!

(דער אַלטער האָט אַפילו קיין צייט נישט זיך אַרומצוקוקן, ווי ער איז שוין פון בענדעטן אויפן גאַס אַרויסגעפירט.)

כיענע: וואוהין, בענדעט? וואוהין פירסטו דעם אַלטן?! (קוקט אין פענצטער.) וואוהין, קינד מיינס, זענען זיי געלאָפן?... גאָט מיין גאָט, וואָס איז מיט אונדזער שטוב געוואָרן? זע נאָר, ער זעצט דעם אַלטן אויפן פערד אַרויף. אוי וויי, ער וועט דאָך אַראָפּפאַלן! זע, אַ גאַנצן סנאָפּ שטרוי האָט ער מיטגענומען!... ווי זיי האָבן זיך עס אַוועקגעטראָגן! (זי טרעט אָפּ פון פענצטער.) וואו איז ערגעץ אייזיק? וואו איז ער? מען האָט גאַרנישט געזען, וואוהין ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ער איז אַנטלאָפן געוואָרן? ער האָט דערזען, אַז ס'איז אָן

אומגליק, איז ער אַנטלאָפֿן געוואָרן. אַ שאָד, איך וואָלט אים מיט הייסע וואַסער אָפּגעגאָסן. וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס האָבן זיי געוואָלט פֿון מיין קינד? מייטעלע, מיין גאָלד, מיין לעבן, קום צו מיר, מיין נשמה, טייערע, מיין קרוין, קום צו מיר...

מייטע (פֿאַלט דער מוטער אין די אָרעמס.)

כיענע (קושט זי): מיין קינד, איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. איצטער איז אין שטוב קיינער נישטאָ, זאָג מיר, וואָס איז מיט דיר? וואָס איז מיט דיר אין יענער פֿינצטערער נאַכט געשען?

מייטע (קושט די מוטער): איך ווייס גאָר נישט, וואָס מיט מיר איז געשען. איין זאַך נאָר ווייס איך, אַז אָן איציקן וועל איך נישט קאָנען לעבן.

כיענע: וואָס האָט ער פֿון דיר געוואָלט יענע נאַכט?

מייטע: ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיך קיינעם נישט אָפּ־געבן. ער איז דאָך מיט מיר אינאיינעם אונטער דער חופּה געשטאַנען. ער איז מיין חתן, האָט ער געזאָגט, און איצטער איז ער מיין מאַן, האָט ער געזאָגט...

כיענע: וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך מאַכן. אַלץ האָט זיך דאָ אין שטוב איבערגעקערט. אַלץ האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט. איך דערקען זיך אַליין נישט. איך דערקען בענדעטן נישט. איך דערקען מיין רעכטע האַנט נישט. מיט וועמען זאָל איך זיך אָן עצה האַלטן?

מייטע: ווען מען וועט מיך אַפֿילו בינדן, וועל איך די שטריק צערייסן און צו איציקן וועל איך לויפֿן. איך וועל אים צו די פֿיס פֿאַלן און זאָל ער מיך מיט זיינע פֿיס טרעטן. איך קאָן אָן אים נישט לעבן. אפשר האָט ער מיר אַ כּישוף אָפּגעטאָן, אָבער איך מוז צו אים לויפֿן. איך וועל נאָך היינטיקע נאַכט פֿון שטוב אַנטלויפֿן. וועסט מיך היטן און איך וועל פֿון שטוב אַנטלויפֿן... איצטער האָב איך פֿאַר קיינעם קיין מורא נישט. כ׳האָב נישט וואָס אָנצואווערן. כ׳האָב פֿאַרן טאַטן אויך קיין מורא נישט. איך וועל אים מער נישט פֿאָלגן. איך זע, אַז ער האָט שוין אַליין חרטה... איך זע עס גוט...

(הינטערן פֿענצטער הערט זיך קלינגען אַ גלאָק.)

מייטע: איציק! ער איז געקומען!

כיענע: רוף אים, מיין קינד.

מייטע: איציק, איציק, גיכער, קום אַהער!

איציק (קומט אַריין.)

מייטע (פֿאַלט אים אויפֿן האַלדז.)

כיענע (וויינט): גוטע מלאכים האָבן דיך געבראַכט. גאָט אַליין האָט דיך געבראַכט.

איציק: וואָס איז מיט דיר, מייטע?

מייטע (מיט אַ פֿאַרשלאָגענעם אָטעם): נעם מיך צו פֿון דאַנען.

כיענע: אומגליקלעכע זענען מיר.

איציק: ווי איר זעט אויס.

כיענע: מיר האָבן שוין קיין כּוח נישט. אָ, מיר האָבן שוין קיין כּוח נישט.

מייטע (קושט זיינע הענט): נעם מיך צו פֿון דאַנען. אָט באַלד, איידער דער טאַטע וועט קומען. מאַמע, זאָג אים, ער זאָל מיך צו־נעמען פֿון דאַנען. אַניט וועל איך שטאַרבן.

איציק (מערקט די פֿאַרשיידענע צירונג אין שטוב): זייד, צירונג — אַלץ איבערן שטוב צעוואָרפֿן.

כיענע (ווי זי וואָלט עס ערשט איצטער מערקן): אָט דאָס האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט.

איציק: וואו איז בענדעט? איך האָב אים אָפּגעבראַכט זיין פֿערד. יעמאָלט ביינאַכט איז ער געקומען רייטנדיק און דאָס פֿערד האָט ער איבערגעלאָזן אויף הפקר. ווען איך נעם אים נישט צו, וואָלט ער געוויס פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. (צו מייטען, וואָס טוליעט זיך צו אים.) דיין טאַטן האָט זיך געוואָלט מיטן טייוול שפּילן און ער האָט אייזיקן מיט זיין קדיש פֿאַר שותּפֿים צוגענומען. און דו, סחורה שיינע, צו אַזאַ טאַטן זאָגט מען: איך בין נישט קיין פֿערד און דו זאָלסט מיך נישט פֿאַרקויפֿן!

כיענע: וואָס זאָל איך טאָן? אַז איך האָב ביי אים קיין דעה נישט. (ווי זי זאָל זיך ערשט איצטער דערמאָנען, אַז בענדעט מיטן אַלטן זענען אַוועק.) יע, בענדעט מיטן אַלטן, זאָלסטו מיר געזונט זיין, איציק, וואוהין זענען זיי געלאָפֿן... גיי, איציק, מיין קינד, זעץ זיך אויף רייטנדיק און לויף זע, וואו זענען זיי.

איציק: וואוהין דען?

כיענע: זיי האָבן זיך ערגעץ רייטנדיק אָוועקגעיאָגט. ווי אַ משוגע־נער האָט ער דעם אַלטן אַ כאַפּ געטאָן... גיי, מיין קינד.

מייטע: גיי נישט, גיי נישט.

איציק: קומט, לאָמיר אַלע פאָרן זיי זוכן, איר וועט זיך צו מיר אין בריטשקע אַריינזעצן. און וואָס פאַר אַ זייט זענען זיי גע־פאָרן?

כיענע: איך ווייס נישט.

איציק: וואוהין, מייטע, זענען זיי געפאָרן?

מייטע: איך ווייס נישט.

איציק: איז דאָך נישטאָ וואָס צו פאָרן אומזיסט.

(אין די פענצטער פון דרויסן הייבט אָן צו שלאָגן אַ רויטער שיין. ווי ערגעץ נאָענט וואָלט אַ שרפה אויסגעבראָכן.)

מייטע (באַמערקט עס צום ערשטן, מאַכט אַ ליאַרעם): זעט, זעט, זעט!

איציק: עס נעצט ערגעץ גאָר נאָענט פון דאַנען.

מייטע: דאָס האָבן זיי די פוסטע קרטשע אונטערגעצונדן!

כיענע: נישט אַנדערש, זיי זענען פון זינען אַראָפּ!

מייטע (וואַרפט זיך צום פענצטער): אַליין די קרעטשמע אונטער־געצונדן...

כיענע: לאָמיר לויפן, גיכער.

איציק (האַלט כיענען): וואו ט'איר לויפן? איר האָט נישט נאָך וואָס צו לויפן...

כיענע: מיר זענען פאַרלאָרן, פאַרביי, פאַרביי...

מייטע (מיט אויפרעגונג און שׂמחה, רייסט זי אַזש די האָר פון קאָפּ): דער טאַטע, נאָר ער האָט עס געקענט און מער קיינער נישט.

כיענע: איציק, האָב רחמנות, לויף זיי אַנטקעגן. איך וועל עס נישט איבערטראָגן.

מייטע (כאַפּט אים פאַר ביידע הענט): זאָלסט מיך נישט איבער־לאָזן אַליין. מען פאָרט. איך הער ווי זיי פאָרן שוין. (לויפט צום פענצטער.) אָט ווי איז ער שוין דאָ!

(אַלע קוקן צום טיר אין ערוואַרטונג.)

**בענדעט** (קומט אַריין; בלאַס, צעשויבערט. אַ שוים שלאָגט אים פון מויל אַרויס. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דעם ערשטן און בעסטן פּלאַץ. כמעט אין אוממאַכט. ער שעפּטשעט עפּעס, נאָר ס'איז שווער צו הערן.)

**מייטע:** טאַטעשי, טאַטעשי...

(קושט אים.)

**בענדעט** (מערקט נישט איציקן): **מיט אַלץ געקאַנטשעט, אַ סוף זאָל עס נעמען.** (ווי עס וואָלט אים אָטעם אויסגעפעלן.) **אַלץ זאָל מיטן פייער גיין... מאַכט די פענצטער צו, איך זאָל דאָס פייער נישט זען... האָבן מיך ביז צום שטוב נאָכגעיאָגט; אָ, ווי ס'האָט זיך צעפלאַ־ קערט...**

**איציק** (גאַנץ פאַרזיכטיק): **וואָס איז מיט אייך, פעטער?**

**בענדעט:** **דו ביסט דאָ!** (ער וויל זיך אויף אים וואַרפן, נאָר ער לאָזט זיך מאַכטלאָז אַראָפּ צוריק אויף זיין אָרט.) **וואָס טוט ער דאָ?! כיענע, מיינע, ווי קומט ער אַהער?!**

**כיענע:** **בענדעט, האָב גאָט אין האַרצן. זע, וואָס דו מאַכסט פון זיך.**

(וויינט.)

**איציק:** **וואָס האָט איר צו מיר, פעטער? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אייך געטאָן. איר אַליין האָט זיך דעם קאָפּ פאַרדרייט.**

**בענדעט:** **ווי קומט ער אַהער?!**

**מייטע:** **טאַטעשי... טאַטעשי, האָב אויף מיר רחמנות...**

**כיענע** (שלאָגט זיך פון די כוחות אַרויס. פאַרצווייפלט): **האָב גאָט אין האַרצן, בענדעט. וואָס האָסטו זיך אין קאָפּ אַריינגענומען. באַ־ דענק זיך, בענדעט.**

**בענדעט:** **גיט מיר שטרוי, פייער... כ'וויל אַלץ מיטן פייער אוועקלאָזן.**

(ער לאָזט זיך צום אויוון פון דאָרט פייער צו באַקומען, מען לאָזט אים נישט.)

**שאַכנע** (קומט אַריין, פאַרמאַטערט, דערשראָקן, קוים וואָס ער

לעבט) : אָן איינפאַל אַביסל, שלעפּט מיך מיט, איך ווייס אַליין נישט וואוהין ער פירט מיך. אַזאַ בנין אונטערצינדן. ברענט ווי אַ שטאָל־קאַרץ.

**בענדעט** (שעפּטשעט) : טאַטע, צינד די שטוב אויך אָן. לאָמיר גיין פון דאַנען. זאָל אַלץ מיט פייער גיין, לאָמיר זיך אַליין מציל זיין... צינד אָן, טאַטע, איך האָב קיין כּוח נישט. דאָרטן „זייער" נעסט פאַרברענט — װעלן „זיי" איצטער מיין שטוב פול מאַכן. זיי גייען אַהער... זיי קומען...

**איציק** : פעטער, איך האָב אייך דעם פערד אָפּגעבראַכט, וואָס איר האָט יעמאָלט ביי נאַכט אין פעלד פאַרגעסן.

**בענדעט** : וואָס פאַר אַ פערד?!

**איציק** : אין דער חופּה־נאַכט.

**בענדעט** : וואָס פאַר אַ חופּה־נאַכט?!

**כיענע** : ווי איז מיר, אַלץ האָט ער פאַרגעסן.

**איציק** : ווען די סוחרים זענען געווען

**בענדעט** (פאַרשטעקט די אויערן) : אָ, איך קען נישט הערן!

**שאַכנע** : צייט די וועלט שטייט איז גאָר אַזעלכס נישט פאַר־לאָפן.

**בענדעט** (הייבט זיך אויף, וויל גיין, נאָר ער פאַלט פון די פיס, ווי ער וואָלט גאָר זיינע כּוחות פאַרלאָרן. מען פירט אים אין צווייטן צימער אַריין.)

**כיענע** (גייט אים נאָך, וויינט) : בענדעט, מיין קרוין, וואָס איז מיט דיר?

(אין די פענצטער ווערט דער רויטער שיין שוואַכער.)

**שאַכנע** און **מייטע** (העלפן פירן בענדעטן אין צווייטן צימער.)

**איציק** (בלייבט אַליין.)

**מייטע** (לויפט אַריין צו איציקן, וואַרפט זיך אים אויפן האַלדז, זי קושט אים זיינע הענט, ווי אַן אונטערטעניקע חיה, איר שטימע ציטערט) : וואָס האָסטו פון אונדז געמאַכט? דו ביסט אַ רוצח, האָסט אונדז אַלעמען אַוועקגעהרגעט... דו ביסט אַ גזלן, האָסט קיין רחמנות נישט...

(אין צווייטן צימער דערהערט זיך פלוצלינג, פריער אַ שטילער קאַמף, און באַלד קלינגען צעבראָכענע שויבן. באַלד הייבט אָן צו שלאָגן פון טיר אַ רויטער שיין און פלאַמען באַווייזן זיך. כיענעס און שאַכנעס געשרייען הערן זיך אַ ווײַלע, נאָר באַלד קלינגען ווידער צעבראָכענע שויבן און ס'איז צו דערקענען, אַז דאָרט שפרינגט מען דורך די פענצטער אויף דער גאַס אַרויס. די פלאַמען פון צווייטן צימער שלאָגן שטאַרקער, אַ רויך זעצט אַרויס און עס שפירט זיך, אַז אַלץ ווערט אין פלאַמען אַרומגעכאַפט).

**מייטע** (שפרינגט ווי אַ פאַרווירטע. וויל זיך אין צווייטן צימער וואַרפן).

**איציק** (כאַפט זי פעסט אַרום): **וואוהין לויפסטו? זיי זענען דורך די פענצטער אויף דער גאַס אַרויס.**

**מייטע** (קעמפט מיט אים): **לאָז מיך אַהין אין פייער אַריין!...**

**איציק: איצטער וועסטו שוין פון מיר נישט אַנטלויפן...**

(גרינג, ווי אַ פעדערל, טראָגט ער זי פון דער ברענענדיקער שטוב אַרויס.)

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

נחמן בער, אַ שמיד אין דאָרף.

שמואל שמחה, זיין פאָטער.

לאה דאָבע, } נחמן בערס טעכטער. אַ צווילינג.
זעלדע,

ניסן אַלטער, } אַרבעטער.
ברוך משה,

אַ מוכר ספרימניק.

# ערשטער אַקט

**זומער. פרימאָרגן. אין קוזשניע. רעכטס און לינקס טירן אָפן. דורך די אָפענע טירן זעט זיך ס׳פעלד, גרינע לאָנקעס. מאָרגן־געזאַנג פון פייגל. ערגעץ הינטער דער קוזשניע האָט זיך אַ הון צעשריען. אַ באָטשאַן הייבט אָן קנאַקן מיטן שנאָבל ערגעץ נאָענט אויפן לאָנקע.**

**ניסן אַלטער** (קריכט אַרויס פון אונטער דער האָרנע. טראָגט אין די הענט הינערשע אייער פאָרזיכטיק, ער זאָל זיי ניט צעברעכן. ער באַהאַלט זיי אין אַ טאָפּ. ציט דעם בלאָזאָק. ס׳פייער הייבט אָן צו פלעמלען צווישן די שוואַרצע קוילן. ס׳דערהערט זיך אַ מיידליש געזאַנג. ער באַהאַלט זיך אונטער דער האָרנע.)

**זעלדע** (קומט אָן. זינגט): **אַז אַ באַרנע פאַלט פון בוים אַראָפּ, פון בוים טראָפּ.** (וויל אַרונטער קריכן אונטער דער האָרנע. דערשרעקט זיך. שפּרינגט אָפּ שרייענדיק.) **מאַמע, ווער איז דאָרט?!**

**ניסן אַלטער:** (קאַכט.)

**זעלדע: ווער איז דאָרט? אַלטער? אוי האָב איך מיר דערשראָקן. אוי ווי ס׳האַרץ קלאַפּט!**

**ניסן אַלטער** (קומט אַרויס): **גוט זיך דערשראָקן?**

**זעלדע: כ׳האָב אפשר געקענט חלשן. אָט לייג צו די האַנט. הערסט ווי ס׳קלאַפּט.**

**ניסן אַלטער: כ׳האָב געוואוסט דו וועסט באַלד קומען זוכן די הינערשע אייער אונטער דער האָרנע.**

**זעלדע: גיי, איך בין ברוגז אויף דיר.**

ניסן אַלטער: כ׳וועל דיר באַלד עפּעס געבן, וועסטו זיך איבער־בעטן מיר מיר.

(ער זוכט עפּעס אין אַ טאָפּ פאַרשטעלט, זי זאָל ניט זען.)

זעלדע: וואָס האָסטו דאָרטן?

ניסן אַלטער: טרעף, וואָס כ׳האָב אין האַנט!

זעלדע: דו האָסט דאָרט, דו האָסט דאָרט, מאַלינעס.

ניסן אַלטער: נישט געטראָפן.

זעלדע: האָסטו דאָרט אַ באַרנע?

ניסן אַלטער: נישט געטראָפן.

זעלדע: עפן אויף איין פינגער וועל איך דערקענען.

ניסן אַלטער: וואָס פאַר אַ פינגער זאָל איך אויפהייבן?

זעלדע: דעם מיטלסטן, אָט אַזוי... אוי געוואַלד, אַ מויז האָט ער דאָרט!

(וויל אַרויסלויפן פון קוזשנע.)

ניסן אַלטער: דו נאַר, קום אַהער, ס׳איז דאָך אַ פייגעלע.

זעלדע: גיי, דו האָסט מיך אַזוי דערשראָקן... ס׳אַראַ שיין פייגעלע! וואו האָסטו עס געכאַפּט?

ניסן אַלטער: דריי זענען אַריינגעפלויגן אין קוזשנע האָב איך איינס געכאַפּט.

זעלדע: גיב, איך וועל עס געבן אַ טרונק. (נעמט דאָס שנעבעלע אין מויל.) אוי, סע טרינקט, פּרוואו דו, אָט אַזוי נעם דאָס שנעבעלע אין מויל, עס טרינקט! איצטער לאָז עס אָפּ.

ניסן אַלטער: ס׳קען נאָך אין פייער אַריינפליען. לאָז, כ׳וועל פאַרשטעלן דעם פייער.

זעלדע: גיב, איך וועל עס אָפּלאָזן הינטער דער טיר... אָ, ווי ס׳איז אַוועק געפלויגן!

ניסן אַלטער: ביסט נאָך אין כּעס?

זעלדע: אַוודאי בין איך אין כּעס. קריך אַרונטער, אונטער דער האַרנע, אפשר האָבן זיך דאָרט די הינער געלייגט.

ניסן אַלטער: טאָ וואָס וועט זיין?

זעלדע: איך וויל מאַכן לאַקשן. די קאַץ האָט זיך היינט געלעקט. אַ גאַסט וועט קומען.

ניסן אַלטער: כ'האָב היינט געזען אַז די קאַץ האָט געגראַבלט מיט די נעגל ס'פּיסל פון בענקל, ס'וועט גאָר זיין אַ ווינט.

זעלדע: נו, און אַז אַ ווינט טאָר קיין גאַסט נישט קומען?

ניסן אַלטער: זע בעסער וואָס אַרבעט מען האָט אָנגעפּירט. זעקס סאַכעס אָפּצוציען, און דריי פּאָר רעדער צו שמידן; אַלץ אויף היינט.

זעלדע: דער טאַטע זאָגט, אַז דו ביסט אַ בריה. ער זאָגט, די אַרבעט ברענט אונטער דיינע הענט.

ניסן אַלטער: ער ווייסט נישט פאַרוואָס די אַרבעט ברענט אונטער מיינע הענט.

זעלדע (לאַכט): און איך ווייס.

ניסן אַלטער: לאה דאָבע איז שוין אויפגעשטאַנען?

זעלדע: ליגט נאָך אין בעט. זי איז ברוגז.

ניסן אַלטער: זיך ווידער געקריגט?

זעלדע: מיינט, אַז זי איז די עלטערע.

ניסן אַלטער: ווער איז דען עלטער?

זעלדע: דער טאַטע זאָגט, אַז איך בין גאָר פריער געבוירן גע־וואָרן.

ניסן אַלטער: דערנאָכדעם ערשט זי?

זעלדע: דער טאַטע זאָגט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן גרינג, נאָר זי, איר האָט די מאַמע זייער שווער געהאַט. איז געווען נאָך אַמאָל אַזוי גרויס ווי איך.

ניסן אַלטער: זי קוקט טאַקע אויס עלטער.

זעלדע: טאָ וואָס בין איך שולדיק? אַ צווילינג — נישטאָ עלטער און יינגער.

ניסן אַלטער: דער טאַטע האַלט זי אויך פאַר עלטער.

זעלדע: דער טאַטע זאָגט, אַז זי איז מער געראָטן אין דער מאַמען, זאָל זיין אין גן עדן. אָבער צוליב איר איז די מאַמע געשטאָרבן. זי איז באַלד אויף מאָרגן געשטאָרבן.

ניסן אַלטער: האָסט נישט געקענט אויסוואַקסן אַזוי ווי זי?

זעלדע: איר האָט געזויגן אַ גויה און איך האָב געזויגן פון אַ פלעשל.

ניסן אַלטער: טאָ, פאַרוואָס ברענט די אַרבעט אונטער מיינע הענט?

זעלדע: אי גיי! דו האַלטסט אויך לאה דאָבען פאַר אַן עלטערער.

ניסן אַלטער: וואָס אַרט עס דיר?

זעלדע: זאָגסט דאָך, אַז לאה דאָבע קאָכט געשמאַקער.

ניסן אַלטער: ווער האָט נעכטן געקאָכט וועטשערע?

זעלדע: לאה דאָבע.

ניסן אַלטער: איז טאַקע געווען זייער געשמאַק.

זעלדע: דאָס האָב איך געקאָכט, נישט לאה דאָבע. זי באַדאַרף שוין אַזוי אויסוועלגערן אַ בלאַט לאָקשן ווי איך.

ניסן אַלטער: נעכטן האָט זי געקאָכט. כ׳האָב אַליין געזען.

זעלדע: דאָס איז זי אומישנע צוגעגאַנגען צום קוימען. געדענקסט ווען דער איבערבייס איז געווען צוגעברענט? אייערנעכטן... דאָס האָט זי געקאָכט. קום אַרייַן שפּעטער וועסטו זען וואָס פאַר אַ בלאַט לאָקשן איך וועל אויסוועלגערן. ווי אַ זון קיילעכדיק, און קיין איין לעכעלע וועט נישט זיין.

ניסן אַלטער: אַט וועלן מיר זען.

זעלדע: וועלן מיר זען.

(וויל גיין.)

ניסן אַלטער: וואוהין גייסטו?

זעלדע: דו ווילסט, אַז איך זאָל דאָ זיין? לאה דאָבע מאַכט דאָרט אַן עסן פאַר דיר.

ניסן אַלטער: האָסט דאָך געזאָגט, אַז זי ליגט אין בעט.

זעלדע: זי האָט געוויינט.

ניסן אַלטער: ווען?

זעלדע: ביינאַכט אין בעט. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז זי מאַכט מיר ענג אין בעט צו שלאָפן. האָט זי געוויינט.

ניסן אַלטער: ביסט אַ שלעכטס.

זעלדע: טאַקע, פאַר וואָס זי איז נאָך אַמאָל אַזוי גרויס פון מיר, אָבער איך בין עלטער.

ניסן אַלטער: מיט איין מינוט.

זעלדע: אפשר מיט פינף שעה. צוליב איר איז די מאַמע געשטאָרבן.

ניסן אַלטער: ביסט אַ שלעכטס.

זעלדע: קריכט אַריין אין בעט און לייגט זיך אַוועק מיטן פּלייצע צו מיר, און וויינט.

ניסן אַלטער: מסתמא ביסטו שולדיק.

זעלדע: מאָרגן שלאָף איך אַליין. כ'באַדאַרף נישט מען זאָל זיך אויסדרייען מיטן פּלייצע צו מיר.

ניסן אַלטער: איך וועל היינט מאַכן אַ שלום.

זעלדע: מיר אַרט נישט, אַז זי איז ברוגז, רעדט נישט צו מיר, האָב איך אַ דאגה. דער טאַטע וועט מיר היינט ברענגען באַוול פון שטאָט, כ'וועל אָנהייבן צו שטריקן אַ טישטעך. און זאָל זי זיך בלאָזן.

ניסן אַלטער (הייבט אָן צו שמידן אַן אַנגעגליטן אייזן): ביסט אַ שלעכטס.

זעלדע: שפּריץ מיר נישט די פונקען אויף די פיס.

ניסן אַלטער: נאַ דיר אַ שמידס טאָכטער!

זעלדע: ער מיינט טאַקע, כ'האָב מורא פאַר די פונקען. נו נעם אַרויס יענעם אייזן.

ניסן אַלטער: אָט וועלן מיר זען... צוליב דיר האָב איך באַלד דעם אָקער שיר נישט פאַרברענט, לאָז, כ'וועל אים אַביסל אָפּלעשן.

זעלדע: לעש ניט אָפּ! גיב אים אַהער אויפן קאָוואַדלע. נו, שמיד, וועלן מיר זען צי איך האָב מורא פאַר די פונקען.

ניסן אַלטער (שמידט, די פונקען שפּריצן. זי שטעלט אונטער איר באָרוועסע פוס.)

ניסן אַלטער: כ'ווייס, אַז דו ביסט אַ שלעכטס.

זעלדע: איך ווייס אַליין, טאָ וואָס קומט מיר דערפאַר?...

ניסן אַלטער: וואָס דיר קומט... כ׳וועל דיר זאָגן שפּעטער.

זעלדע: מיר אַרט נישט, אַז זי וויינט. זי איז אַ שלעכטס. אויף מיינע נאמנות איך בין בעסער פון איר. זאָל זי מיר זאָגן וואָס זי וויינט? מיר אַרט עס נישט. איך שלאָף נישט מער מיט איר אין איין בעט. איך וועל... וואָס אַרט עס מיר? קריך אַרונטער, ניסן אַלטער, אונטער דער האָרנע.

ניסן אַלטער: נאָ, וועסט פאַרשפּאָרן צו קריכן, אַט בין איך דאָרט אַליין געוועזן... כ׳וועל די הינער אָפּגעוואוינען פון צו לייגן זיך אין קוזשנע. אַ קוזשנע איז נישט קיין שטאַל.

זעלדע: וועסט לאה דאָבען נישט זאָגן וואָס איך האָב דיר דערציילט.

ניסן אַלטער: אַז זי האָט געוויינט?

זעלדע: יאָ, זאָג איר נישט.

ניסן אַלטער: איך זאָג דיר נישט צו.

זעלדע: האָב איך אַ זאָרג...

ניסן אַלטער: ביסט אַ שלעכטס, ביסט טאַקע אַ בריה, אָבער מיט בלויע ליפּעלעך.

זעלדע: בלויע ליפּן האָב איך! נאָ, קוק, בלויע ליפּן. נאָ, קוק. ווייסט וואָס אַ שייגעץ האָט מיר געזאָגט?

ניסן אַלטער: וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

זעלדע: זעלדע, זאָגט ער, איז די שענסטע אין גאַנצן דאָרף. ווען ער וואָלט נישט מורא האָבן פאַרן דאָרף וואָלט ער געוואָרן אַ ייד.

ניסן אַלטער: און דיר געפעלט עס?

זעלדע: מיר אַרט נישט, אַז דו וועסט לאה דאָבען דערציילן... איך וועל איר אַליין דערציילן.

ניסן אַלטער: וואָס?

זעלדע: אַז דו האָסט געפרעגט, צי זי שלאָפט נאָך...

ניסן אַלטער (לאַכט.)

שמואל שמחה (קומט אַן. זינגט): אודה לאל לבב חוקר, ברן יחד כוכבי בוקר...

ניסן אַלטער: גוט מאָרגן!

שמואל שמחה (זינגט): ברן יחד כּוכבי בוקר.

זעלדע: דער זיידע איז אויפגעשטאַנען אויף דער רעכטער זייט.

ניסן אַלטער: איר הערט וואָס אייער אייניקל זאָגט?

שמואל שמחה: זי העלפט דיר דאָ אָנציען אַ פּאָר רעדער?

ניסן אַלטער: יאָ.

זעלדע: פאַרוואָס זענט איר אַזוי פרי אויפגעשטאַנען?

שמואל שמחה (זינגט): אודה לאל לבב חוקר ברן יחד כּוכבי בוקר. ווייסט דעם טייטש דערפון, האָ, ניסעלע?

ניסן אַלטער: ברן איז זינגען, און כּוכבים איז שטערן, און בוקר איז פרימאָרגן.

שמואל שמחה: כּע, געדענקסט נאָך וואָס דער רבי האָט גע־לערנט. ברן איז דער טייטש זינגען, און כּוכבים איז שטערן. ס'מיינט מען באַדאַרף גאָט לויבן באַגינען ווען די שטערן זינגען שירה.

זעלדע: ס'מיינט, אַז מען באַדאַרף אויפשטיין פרי?

שמואל שמחה: מען באַדאַרף אויפשטיין פרי און צושטעלן איבער־בייס קאָכן. דאָס מיינט עס.

זעלדע: איך שטיי אויף פרי און קאָך איבערבייס און איר האָט ליבער דאָבען.

ניסן אַלטער: אמת, דאָבע לאה איז געראָטענער?

שמואל שמחה:ביידע געראָטן. וואָס פעלט איר? איז אַ ציג... וואָס האָסטו דאָרט? די הינער לייגן זיך אַלץ אין קוזשניע. נע, באַ־דאַרפסט זיי אָפּגעוואוינען, וואָס פאַר אַ הון איז עס, די שוואַרצע אָדער די ווייסע?

זעלדע: פאַרוואָס, זיידע, בין איך נישט קיין געראָטענע?

שמואל שמחה: קום אין שטוב און לאָז ניסעלען טאָן זיין מלאכה.

(גייט אַוועק, זינגענדיק, אודה לאל לבב חוקר.)

ניסן אַלטער (שרייט איס נאָך): קומט שפּעטער, וועט איר מיר מאַכן אַ פּאָר צענדליק טשוועקלעך, איך באַדאַרף היינט שמידן אַ פּאָר פערד.

זעלדע: איך וועל שפּעטער קומען, וועל איך מאַכן.

(גייט אַרויס.)

**ניסן אַלטער** (נעמט זיך ווידער פאַר זיין אַרבעט.)

**זעלדע** (פאַרגנבעט זיך נאָך אַמאָל אין טיר. ער מערקט זי נישט. באַלד אָבער דערשרעקט זי זיך, ווי עמעצער וואָלט גיין אַהער. ציט אָפּ.)

**לאה דאָבע** (קומט אָן דורך דער אַנדערער טיר. בלייבט שטיין אויפן שוועל.)

**ניסן אַלטער** (אַ צייט מערקט זי אַלטער נישט. ער שמידט אַ שטיק אייזן. ער וויל אַריינלייגן אין פייער די אָפּגעצויגענע אייזן און באַמערקט לאה דאָבען.)

**ניסן אַלטער**: וואָס מאַכסטו עפּעס, לאהשו.

**לאה דאָבע**: זעלדע דאָ נישט געווען?

**ניסן אַלטער**: דער זיידע איז דאָ אויך געוועזן. וואָס שטייט לאהשי אויפן שוועל, זי וויל דעם באַלקן אונטערשפּאַרן?

**לאה דאָבע**: איר האָט נאָך אַ סך צו טאָן?

**ניסן אַלטער**: וואָרעם, וואָס?

**לאה דאָבע**: שוין פאַרטיק איבערבייסן.

**ניסן אַלטער**: זעלדע האָט געזאָגט, אַז איר שלאָפט נאָך.

**לאה דאָבע**: וואָס נאָך האָט אייך זעלדע געזאָגט?

**ניסן אַלטער**: אַזעלכע זאַכן דערציילט מען נישט.

**לאה דאָבע**: ט'איר באַלד אַריינקומען?

**ניסן אַלטער**: איך בין נאָך נישט הונגעריק, וואָס טוט דער טאַטע?

**לאה דאָבע**: ער דאַוונט.

**ניסן אַלטער**: לאהשו איז היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט.

**לאה דאָבע**: איך בין שוין טאַקע אויפגעשטאַנען אויף דער רעכטער זייט.

**ניסן אַלטער**: איר זעט מיר אויס פאַרשלאָפן.

**לאה דאָבע**: איך בין צו פרי אויפגעשטאַנען. דער טאַטע האָט מיך אויפגעוועקט, איך זאָל מאַכן אַן עסן פאַר אייך.

ניסן אַלטער: דער טאַטע גאָר.

לאה דאַבע: איך אַליין וואָלט נאָך נישט אויפגעשטאַנען. איך האָב געהערט ווי דער האַמער קלאַפּט אין קוזשנע.

ניסן אַלטער: האָב איך דאָך אייך אויפגעוועקט, נישט דער טאַטע.

לאה דאַבע: אַז דער האַמער קלאַפּט שלאָף איך נאָך געשמאַקער. וועט איר באַלד אַריינקומען?

ניסן אַלטער: וואָס האָט איר געקאָכט?

לאה דאַבע: זאָגן אייך אַפּריער? איר ווילט וויסן?

ניסן אַלטער: איך לאַך. וואָס איר קאָכט איז געשמאַק.

לאה דאַבע: פונדעסטוועגן אַז זעלדע גיסט אייך צו אין טעלער שווייגט איר און עסט, און אַז איך האָב עס געטאָן האָט איר איבער־געלאָזן.

ניסן אַלטער: ווען?

לאה דאַבע: יאָ, יאָ, איך געדענק שוין. מיר האָט עס פאַרדראָסן.

ניסן אַלטער: מסתּמא בין איך שוין געווען זאַט.

לאה דאַבע: איך ווייס אַז איר זענט געווען זאַט, אַז איר וועט האָבן אַ ווייב און איר וועט זי האָבן פיינט וועט איר אויך זאָגן: איך בין שוין זאַט.

ניסן אַלטער: אַז כ׳וועל האָבן אַ ווייב וועט זי שוין אַליין פאַר־שטיין וואָס איך האָב ליב.

לאה דאַבע: וואָס האָט זי גערעדט מיט אייך, זעלדע?

ניסן אַלטער: זי איז די עלטערע, זאָגט זי.

לאה דאַבע: גרויס ווי אַ פייג, מיר זענען געבוירן אַ צווילינג. ווער ס׳איז גרעסער דער איז עלטער.

ניסן אַלטער: אָבער זי איז געבוירן געוואָרן פריער.

לאה דאַבע: מיט אַ שעה פריער. זי איז שיעור נישט געשטאָרבן. מען האָט גאָר געמיינט אַז זי איז שוין טויט. ביז צען יאָר איז זי גע־ווען גרויס ווי אַ גאָרנישט.

ניסן אַלטער: איר באַדאַרפט זיך נישט קריגן.

לאה דאָבע: איך מיט איר, איך טשעפּע זי נישט, און טו אָפּ אַלע מלאכות אין שטוב. איך שאַף זיך אַפילו נישט מיט איר.

ניסן אַלטער: אַ שאָד וואָס אַנשטאָט איר איז נישט געבוירן אַ יינגל.

לאה דאָבע: ווען ביי אונדז אין שטוב וואָלט געווען אַ יינגל וואָלט עפּעס אַנדערש געווען.

ניסן אַלטער: איך האָב נישט געוואוסט אַז איר האָט פיינט אייער שוועסטער.

לאה דאָבע: איך? פיינט? גאָר אַ מעשׂה, וואָס האָב איך צו איר?

ניסן אַלטער: איך וועל אייך איבערבעטן מיט איר שפּעטער, גוט?

לאה דאָבע: איך באַדאַרף נישט.

ניסן אַלטער: איר זענט ברוגז מיט איר!

לאה דאָבע (פאַרשעמט.)

ניסן אַלטער: זעט איר, אַז איך ווייס אַלצדינג.

לאה דאָבע: וואָס זענט איר מיט איר אויף — דו, און מיט מיר אירצט איר זיך?

ניסן אַלטער: אויב איר ווילט קען איך זיך דוצן מיט אייך.

לאה דאָבע: מיר מאַכט עס נישט אויס. פאַרקערט, עס געפעלט מיר.

ניסן אַלטער: איך וועל היינט מאַכן שלום.

לאה דאָבע: איך באַדאַרף נישט, איך באַדאַרף נישט.

(גייט שנעל אַרויס פון קוזשנע.)

ניסן אַלטער (צעשמייכלט זיך מיטן האַמער אין האַנט. זעט אויס, אים געפעלט עס, כאָטש ער פאַרשטייט נישט אין גאַנצן.)

זעלדע (קומט אַריין): מיינסט, כ'האָב נישט געהערט? כ'האָב אַלץ געהערט.

ניסן אַלטער: ס'איז נישט שיין זיך צו פאַרטייען און הערן.

זעלדע: פאַר מיר איז טאַקע שיין. כ'האָב טאַקע געוואָלט וויסן

וואָס זי רעדט. אַזאַ שעלכטס, איך בין, זאָגט זי, געבוירן געוואָרן גרויס ווי אַ פייג, און זי, קוקט זי נאָר אָן!

ניסן אַלטער: וואָס זענט איר אין כּעס?

זעלדע: איך וויל נישט זי זאָל אויף מיר אָנרעדן, ביז צען יאָר, זאָגט זי, בין איך געווען גרין און געל.

ניסן אַלטער: זי האָט עס נישט געזאָגט.

זעלדע: איך בין צוואַנציק מאָל שטאַרקער פון איר, באשר זי איז גרעסער.

ניסן אַלטער: כּ׳מיין, אַז זי איז שטאַרקער.

זעלדע: זאָל זי שוין וואַרטן אַ ביסל.

ניסן אַלטער: איך האָב געזען ווי זי האָלט דעם גרויסן האַמער אין האַנט און ווי דו האַלטסט אים.

זעלדע: קום אַרויס אויפן מיטן קוזשנע.

ניסן אַלטער: וואָס וועט זיין?

זעלדע: וועלן מיר זען ווער ס׳איז שטאַרקער, זי צי איך.

ניסן אַלטער: זי איז דאָך אַוועק אין שטוב.

זעלדע: קום דו אַהער, איך וויל זיך מיט דיר שטייערן, וועסטו שוין זען ווער ס׳איז שטאַרקער.

לאה דאָבע (קומט אָן): אָט בין איך. נו קום, וועלן מיר זען ווער איז שטאַרקער.

ניסן אַלטער: איר זענט דאָך ברוגז.

לאה דאָבע: איך בין שוין נישט ברוגז. אָט קום, האָב קיין מורא נישט.

זעלדע (וואָס איז געווען אַ ביסל צעטומלט, קומט צו זיך): נו, שוין. אָט לאָמיר זען... וואַרט, טו אויס די שיך. וועסט מיר אָפּ־טרעטן די פיס.

לאה דאָבע: איך וועל אויסטאָן די שיך.

(טוט אויס די שיך און וואַרפט זיך אויף זעלדען. אַ לאַנגע צייט שטייערן זיי זיך. די קלענערע פאַרטיידיקט זיך שטאַרק.)

ניסן אַלטער: לאָזט זיך נישט, זעלדע. לאָזט זיך נישט!

(נאָך אַ שווערן קאַמף פאַלט זעלדע אַנידער.)

**ניסן אַלטער** (ווײל זי אויפהייבן.)

**זעלדע: איך קען זיך נאָך אַליין אויפהייבן.**

(שטייט אויף און לויפט אַרויס פון קוזשנע.)

**לאה דאָבע: זייער שיין, אונטערהערן וואָס מיר האָבן דאָ גע־רעדט.**

**ניסן אַלטער: איר האָט זיך אויך אונטערגעהערט.**

**לאה דאָבע: האָב איך אַ דאגה.**

(נעמט די שיך און גייט אַרויס.)

**ניסן אַלטער** (רופט): **לאה, קומט אַהער...**

(באַקומט נישט קיין ענטפער, פאַרנעמט זיך מיט דער אַרבעט.)

**נחמן בער** (קומט אַן): **גוט מאָרגן, ט'זיין אַ שיינער טאָג.**

**ניסן אַלטער: געלעגן אַ קאַלטער טוי אויפן גראָז.**

**נחמן בער: שוין צייט. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ וואָך און מען הייבט אָן אָקערן פאַר דער ווינטער־זריעה.**

**ניסן אַלטער: איר פאָרט היינט אין שטאָט אַריין?**

**נחמן בער: וואָרעם, וואָס?**

**ניסן אַלטער: עס וועט אויספעלן שטאָל. די סאָכעס מוז מען מאַכן ביז מאָרגן.**

**נחמן בער: דאָ האָט אַ פויער געבראַכט אַן אַלטע קאָסע, ער וויל איך זאָל אים אַ האַק אַנשטאָלן.**

**ניסן אַלטער: כ'האָב פיינט עס צו האַלטן אין האַנט. דער שטאָל איז צו האַרט און ס'קרישלט זיך אונטערן האַמער.**

**נחמן בער: ס'איז געוועגדט וואָס פאַר אַ קאָסע.** (ער קלאַפּט מיט אַן אַלטער קאָסע אין קאָוואַדלע.) **דער שטאָל איז ווייך.**

**ניסן אַלטער: אויף ווען באַדאַרף מען עס?**

**נחמן בער: רעכט אויף מאָרגן. איך וועל דיר היינט צוהעלפן.**

**ניסן אַלטער: די קוזשניע איז ענג. מען קען זיך דאָ ניט אויס־דרייען אַפילו.**

**נחמן בער: וואָלט נאָר זיין געגוג וואָס צו טאָן.**

**ניסן אַלטער: איך האָב ליב ס'זאָל מיר זיין געראַם.**

נחמן בער: זאָל נאָר זיין די מלאכה וואָס מען קען דאָ אויפ־טאָן.

ניסן אַלטער: ווען איר וואָלט מיר פאָלגן, האָט איר באַדאַרפט נאָך אַ בלאָזאַק אַריינשטעלן.

נחמן בער: צו וואָס?

ניסן אַלטער: אַז ס׳מאַכט זיך אַרבעט זאָל זיך עס נישט וואַלגערן אין קוזשנע.

נחמן בער: די לעצטע צייט, קיין עין הרע, די מלאכה זיך פאַר־גרעסערט... כ׳האָב פיינט צו לייקענען. זינט דו ביסט ביי מיר, זענען די גוים צופרידן מיט דער אַרבעט. זאָגן, דו שטעלסט אָן דעם אַקער דרייט ער נישט דעם רוקן. לויבן דיין מלאכה. שמידסט, זאָגן זיי, גוט אַ פערד.

ניסן אַלטער: זיי קענען טאַקע דאָ נישט אין דעם געגנט שמידן קיין פערד. שלאָגן אָן די פּאָדקאָווע אַזוי, אַז ס׳דרייט אויס דעם פערד די פיס. פוילן זיך צוצושניצן די קלאָען ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. און טאַקע מיינס אַ טשוועקל וועל איך דערקענען פאַר אַ מייל. (ער זוכט אויף עטלעכע טשוועקלעך.) אָט זעט איר, זאָל עמעצער אַזוי מאַכן אַ טשוועקל!

נחמן בער: יאָ, איך וועל אַזוי נישט ס׳דאָנזשען. כ׳האָב געהערט אַז מען קריגט פאַרטיקע טשוועקלעך צו קויפן.

ניסן אַלטער: טויגן אין דרערד! כ׳האָב זיי געזען. געמאַכט פון שלעכטע אייזן...

נחמן בער: זעסטו, מיר איז גאָר נישט איינגעפאַלן צו נוצן די וואַסער פון קרעניצע צום האַרטעווען.

ניסן אַלטער: כאַ, כאַ, כאַ, איך האָב באַלד פאַרשטאַנען אַז צו האַרטעווען אַ טרוקענעם שטאָל איז בעסער די קרעניצע־וואַסער.

נחמן בער: די גוים זאָגן עס טאַקע אַז דיין אַרבעט ברעקלט זיך נישט אָפּ. וועסט גיין אין שטוב אַריין. שוין איבערבייסן פאַר־טיק.

ניסן אַלטער: ווען איר וואָלט מיר פאָלגן, וואָלט איך אייך הייסן ברענגען אַ מוליער און נאָך אַ האָרנע אַוועקשטעלן. איר וועט זען, אַז ס׳וועט ווערן מער מלאכה. די פויערים וועלן מער אָפּשיי האָבן אַז דאָ וועט זיין נאָך אַ האָרנע.

נחמן בער: כ׳וועל מיר מישב זיין. כ׳וועל זען ווי אַרום יום־טובים וועט זיך די מלאכה ווייזן.

ניסן אַלטער: אַזוי צי אַזוי איז דאָ ענג. מען וועט זען, איר וועט מיטהעלפן אַרויפציען די שינע אויפן ראָד, דערנאָך וועל איך גיין איבערבייסן. איר האָט זי געמאַכט אַ ביסל צו ענג.

נחמן בער: דו האָסט דאָך געמאָסטן.

ניסן אַלטער: אָט איז דער שטריקל, זעט איר ווי די מאָס איז ריכטיק און איצטער מעסט די שינע, נו...

נחמן בער: כע, כע, טאַקע אַ ביסל נישט דערמאָסטן. נישקשה דער ראָד וועט זיך נאָכגעבן. נו, לאָמיר גיין אין שטוב אַריין.

ניסן אַלטער: אָט ס׳וועט נישט דויערן. איין ראָד האָב איך אָנגעצויגן.

(נעמען אָנציען אַ ראָד.)

ניסן אַלטער: איך האָב געוואָלט מיט אייך עפּעס רעדן.

נחמן בער: מכּוח וואָס?

ניסן אַלטער: אַזוי זיך. אויב איר זענט צופרידן מיט מיין אַרבעט בין איך אויך צופרידן.

נחמן בער: וואָס האָב איך דאָ צו לייקענען? איך בין מיט דיר צופרידן, און כ׳האָב אַליין געטראַכט דיר צו העכערן. ביסט ווערט.

ניסן אַלטער: דאָס וועלן מיר זען. גיט נאָר אַ קלאַפּ דאָרט מיטן האַמער... אָט אַזוי... כ׳וויל ווערן אייערער אַן איידעם.

נחמן בער: כע, כע... ס׳וואָלט נישט שאַטן, נישט קיין קרומע זאַך, געראָטענע קינדער; נישטאָ וואָס צו רעדן.

ניסן אַלטער: און איך געפעל דאָך אייך אויך.

נחמן בער: כע, כע, כע, כ׳האָב שוין אַליין איבערגעטראַכט פון דעם. כ׳האָב היינט געטראַכט, כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט און געהערט דער האַמער קלאַפּט שוין. כע־כע...

ניסן אַלטער: נו וואָס, ווילט איר מיך פאַר אַן איידעם?

נחמן בער: איך מיין טאַקע. דערלאַנג נאָר דאָרט מיטן האַמער... דער גאַנצער דאָרף איז צופרידן מיט דיין מלאכה.

ניסן אַלטער: מען ווייסט פון מיר אין אַנדערע דערפער אויך.

נחמן בער: איך קלער אויך. אפשר איז עס אַ גאָט־זאַך. מיינסט דאָך מסתּמא די עלטערע?

ניסן אַלטער: ווער איז די עלטערע?

נחמן בער: געבוירן געוואָרן איז טאַקע יענע, די קלענערע, פריער, נאָר יענע איז די גרעסערע. זיי האַלטן נאָך אין וואַקסן. אפשר וועט זי נאָך צוּוואַקסן, זעלדע, מיין איך.

ניסן אַלטער: איך מיין אויך, אַז זי וועט נאָך צוּוואַקסן.

נחמן בער: מיינסטו טאַקע די גרעסערע?

ניסן אַלטער: אויב זעלדע איז פריער געבוירן געוואָרן, מיין איך אַז זי איז די עלטערע.

נחמן בער: איך מיין אויך אַז זי איז די עלטערע, כאָטש יענע איז גרעסער... נאָר כ'האָף צו גאָט, אַז זעלדע וועט נאָך צוּוואַקסן, איז אַ בריה, קען נישט אַרומגיין ליידיג, קענעט שוין די לאָקשן אויף וועטשערע.

ניסן אַלטער: מיינט איר זי וועט מיך וועלן?

נחמן בער: כ'וועל זי, אים ירצה השם, שיין באַקליידן, איז אַ גרויסע בריה. כע, כע. לאה דאָבע שפּעטער פון איר געבוירן גע־וואָרן, האָט זיך אָבער אַרויסגעכאַפּט די גרעסערע... די מאַמע נישט געקענט עס איבערטראָגן. (זיפצט.) שוין איינמאָל אַ מאַמע געווען! ס'ערשטע קינד געווען אַ יינגל איז עס אָוועקגעקומען נאָך ברית. און דערנאָך אַ צווילינג... מסתּמא איז עס געווען אַזוי פון גאָט...

(אין טיר באַווייזט זיך אַ יונג, טראָגט אַ פּעקל אויפן פּלייצע.)

דער יונג: גוט מאָרגן!

נחמן בער: גוט מאָרגן. שלום עליכם.

דער יונג: עליכם שלום. הייסלעך אויף דער גאַס.

ניסן אַלטער: צופוס?

דער יונג: אַרויסגעגאַנגען אַ שפּראַץ אויף טאָג.

נחמן בער: פון ווייט?

דער יונג: פון שטאָט.

נחמן בער: אַ שיינער שפּרייז. וואוהין גייט מען?

דער יונג: איך בין אַ שמיד. כ׳גיי איבער די דערפער. אפשר אַרבעט קריגן.

נחמן בער: איז אין שטאָט נישטאָ קיין מלאכה?

דער יונג: שוואַכלעך. ביי אייך זע איך איז תּאַרוואַליעט מיט אַרבעט.

נחמן בער: גאָט צו דאַנקען.

דער יונג (צו ניסן אַלטערן): איר זענט אַ זון? שלום עליכם.

ניסן אַלטער: איך בין אויך אַן אַרבעטער.

דער יונג: אויפן יאָר?

נחמן בער: שוין גאָט צו דאַנקען דאָ פון פסח אָן.

דער יונג: נאָך קיין יאָר נישט. וועט זיך אפשר פאַר מיר מאַכן מלאכה?

נחמן בער: וואָס ווייס איך? ווי די אַרבעט וועט זיין.

ניסן אַלטער: ס׳וועט זיין אַ מענטש וועט זיין מלאכה.

נחמן בער: וואָס האָסטו דאָרט אין פעקל?

דער יונג: זאַכן. אַ ביסל געצייג.

ניסן אַלטער: וואָס פאַר אַ געצייג. וואָס באַדאַרף מען עס נאָך מיטטראָגן?

דער יונג: איך האָב מיר מיין אייגענעם האַמער. כ׳קען קיין פרעמדן האַמער אין האַנט נישט האַלטן.

(נעמט אַרויס פון זאַק אַ האַמער.)

ניסן אַלטער (באַטראַכט אים): דער האַמער איז נישט פון דעם געגנט.

נחמן בער (באַטראַכט דעם האַמער): נישט קיין באַקאַנטע אַרבעט. איז נישט שווער.

דער יונג: אַ ריין שטיקל אַרבעט קען מען נישט מאַכן מיט אַבי וואָס פאַר אַ האַמער.

ניסן אַלטער (קלאַפּט מיט אים אין קאָוואַדלע): גוטער שטאָל! באַלד געזען אַז ס׳איז נישט קיין היגע אַרבעט.

דער יונג: נו וואָס? אפשר ווילט איר איך זאָל ביי אייך בלייבן אויף אַ פּראָבע?

נחמן בער: ווי רופט מען דיך?

דער יונג: ברוך משה. איך קאָן דאָ זיין אַ וואָך צייט און איר וועט זען מיין אַרבעט.

ניסן אַלטער: מלאכה איז דאָ גענוג. ס׳פעלט נישט.

נחמן בער: צי אַזוי צי אַזוי... אויב דו ווילסט, וועסט מיר נישט מאַכן ענג. צו עסן איז פאַראַן, אַ שטוב צום שלאָפן — אויך. וואָס וועסטו גיין ווייטער? שטעל זיך אָפּ אויב דו ווילסט, און דער־נאָך וועט מען זען.

לאה דאָבע (קומט אָן): פאַר וואָס גייט איר נישט אין שטוב אַריין עסן?

נחמן בער: וואָס זאָגסטו, מיין טאָכטער? אַ מענטש איז געקומען. וויל זיך דאָ אָפּשטעלן.

ברוך משה (צו לאה דאָבען): גוט מאָרגן!

(קוקן זיך ביידע פרעמדלעך אָן.)

נחמן בער: וואָס זאָגסטו, כ׳מיין אפשר וועט זיין מלאכה פאַר נאָך אַ מענטשן?

לאה דאָבע: איך ווייס, וואָס פרעגסטו מיר?

נחמן בער: אַן אָרט צו שלאָפן, וואָס מיינסטו?

ברוך משה: איך באַדאַרף עסן אויך. כאַ, כאַ, כאַ, איך האָב ליב צו קייען.

נחמן בער: ביי מיר, גאָט צו דאַנקען, הונגערט מען נישט. וואָס זאָגסטו, מיין טאָכטער?

ניסן אַלטער (אין שפּאַס): לאה דאָבע וועט אָפּטרעטן איר בעט.

לאה דאָבע: איך שלאָף דאָך מיט זעלדען אין איין בעט. לאָזט מיר נישט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט.

נחמן בער: וואָס איז דאָ צו לאַכן.

לאה דאָבע: כ׳ווייס, וואָס פרעגסטו? ס׳פעלט וואָס צו עסן אין שטוב. ס׳קען איצטער אויך נאָך פאַר צוויי מענטשן זיין צום עסן.

נחמן בער: איך מיין מיטן שלאָפן. איך מיין...

ברוך משה: כ׳וועל שלאָפן אין שטאַל אויפן בוידעם.

נחמן בער: יאָ, ס׳ליגט דאָרט אַ פולער בוידעם מיט היי... און ווינטערצו...

לאה דאָבע: וואָס איז דאָ צו קלערן פון ווינטער?...

נחמן בער: כ׳וועל גיין אין דאָרף וועל איך ביים סטאָליער באַשטעלן אַ בעט.

לאה דאָבע: טאָ זאָל ער מאַכן אַ ברייטערע, מיר איז ענג מיט זעלדען. וועט מען אייך ווינטערצו קענען אָפּגעבן די בעט וואו מיר שלאָפן איצטער.

נחמן בער: וואָס איז דען פאַראַנען צו רעדן?

לאה דאָבע: דו האָסט דאָך אָנגעהויבן. כ׳האָב אַפילו נישט פאַר־שטאַנען וואָס דו פרעגסט.

נחמן בער: כ׳ווייס, מען נעמט צו אַ פרעמדן מענטשן, באַדאַרף מען דאָך אים געבן אַן אָרט.

לאה דאָבע: ס׳וועט שוין ענגער אין שטוב נישט ווערן.

זעלדע (קומט אַן): פאַרוואָס גייט איר נישט אין שטוב אַריין?

נחמן בער: מיר גייען שוין, זעסט, גאָט וועט געבן מלאכה זאָל זיין. כ׳נעם צו נאָך אַ מענטשן.

ברוך משה: גוט מאָרגן.

(קוקן זיך אַן.)

זעלדע: די קאַץ האָט זיך היינט געלעקט. כ׳האָב געזאָגט, אַז אַ גאַסט וועט קומען.

ניסן אַלטער: די קוזשנע צו ענג.

נחמן בער: מען וועט אַנטקעגן ווינטערצו שטעלן נאָך אַ האָרנע. מען וועט זען ווי דער ווינטער וועט זיך ווייזן. אפשר גאָט וועט געבן וועל איך קענען איבערבויען די שטוב. די שטוב איז טאַקע אַ ביסל צו קליין. נו, לאָמיר גיין עפּעס איבערכאַפּן.

(לאָזן זיך גיין.)

לאה דאָבע: וועמעס פּעקל איז עס דאָ געבליבן?

ברוך משה: ס׳איז מיינער.

לאה דאָבע: איר קענט אים נעמען אין שטוב אַריין. איר האָט

דאָרט זאַכן, כ׳וועל נעמען עטלעכע טשוועקלעך און אַריינשלאָגן אין וואַנט, וועט איר עס אויפהענגען. דאָרט ווי אונדזערע זאַכן הענגען.

ברוך משה (נעמט דעם פעקל אויפן פּלייצע און לאה דאָבע זוכט דאָרט צווישן די אייזן.)

שמואל שמחה (קומט אָן, זינגט): אודה לאל לבב חוקר ברן יחד כוכבי בוקר... (באַמערקט ברוך משהן.) פון דער פרעמד?

ברוך משה: שלום עליכם, אַ ייִדע? יאָ? איך בין דאָ אָנגעקומען אויף אַרבעט.

שמואל שמחה: צו עסן וועט דיר נישט פעלן ביי מיין זון.

לאה דאָבע: אָט האָב איך שוין דריי טשוועקלעך געפונען. כ׳וועל נאָר נעמען אַ האַמער.

שמואל שמחה: כע, כע, כע, וועסט מיין קינד באַדאַרפן אַ גרעסער טעפּל.

לאה דאָבע: ס׳וועט דער אַלטער טאָפּ זיין גענוג.

(גייען אַלע אין שטוב.)

שמואל שמחה (בלייבט נאָך. גייט צום האָרנע, פּרוּווט אַ צי טאָן דעם בלאָזאַק): זאָל ס׳פייער נישט אויסגיין ביז זיי וועלן... שטאַרקער צעבלאָזן... אָט אַזוי. ט׳זיין גענוג... אודה לאל לבב חוקר, ברן יחד כוכבי בוקר...

(גייט זינגענדיק אַרויס.)

# צווייטער אַקט

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער. ביי נחמן בערן. אַרום האַלבן טאָג. די שטוב איז ווייס אויסגעקאַלכט. אויפן דאָרפישן אופן, גאַנץ אויפגערוימט. אויוון און באַק־אויוון און אַ טיר צווישן פּירט אין אַ צווייטן חדר. פון קוזשניע, וואָס געפינט זיך נאָענט, דערטראָגט זיך אַ טאָפּעלער קלאַנג פונעם האַמער אויפן קאָוואַדלע.

זעלדע (שטריקט אַ טישטעך.)

לאה דאָבע (וואַשט די כּלים אויף דר׳ערד זיצנדיק.)

זעלדע (זינגט):

אַז אַ באַרעלע פאַלט פון ביימעלע אַראָפּ,
פאַלט עס אויף דער ערד.

לאה דאָבע: אָבי דיר זינגט זיך כאַטש אויפן האַרצן.

זעלדע: זאָל איך מיר אפשר זעצן וויינען?

לאה דאָבע: האָסט געמעגט אַ ביסל וויינען.

זעלדע: וואָס, דיר איז שווער אויפן האַרצן? מיר איז פריילעך, זינג איך.

לאה דאָבע: ווען דו וואָלסט נישט געווען מיין שוועסטער...

זעלדע: איך ווייס, ווען דו וואָלסט יעמאָלט שׂכל געהאַט וואָלסטו מיך דערשטיקט.

לאה דאָבע: ווען?

זעלדע: יעמאָלט, ווען מיר זענען געלעגןביידע ביי דער מאַמען אין בויך.

לאה דאָבע: אַ נאַר בין איך געווען וואָס כ׳האָב עס נישט געטאָן.

זעלדע: כ׳ווייס, אַז דו פאַרגינסט מיר נישט וואָס כ׳גיי אום אויף דער ערד.

לאה דאָבע: אַז מען האָט אַזאַ שוועסטער באַדאַרף מען זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

זעלדע: טאָ וואָס זשע ווילסטו פון מיר?

לאה דאָבע: איך וויל פון דיר גאָר נישט.

זעלדע: איז גאָר נישט... אַז אַ באַרעלע פאַלט פון ביימעלע אַראָפּ, פאַלט עס אויף דער ערד... זאָג מיר וואָס בין איך שולדיק? איך ווייס נישט וואָס דער טאַטע האָט גערעדט מיט ניסנען.

לאה דאָבע: דו האָסט אים דעם קאָפּ נישט פאַרדרייט?

זעלדע: איך? זאָל איך אַזוי לעבן ווי איך האָב מיט אים גאָר נישט גערעדט.

לאה דאָבע: נאָר געלעגן אין קוזשנע גאַנצענע טעג.

זעלדע: ביסט דאָך אויך פון קוזשנע נישט אָפּגעטראָטן. אָבער וואָס האָסטו צו מיר? דיר געפעלט ברוך משה, טאָ ווער לאָזט דיר נישט חתונה האָבן מיט אים?

לאה דאָבע: דו האָסט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ און איצטער...

זעלדע: וועמען האָב איך פאַרדרייט דעם קאָפּ?

לאה דאָבע: ניסן אַלטערן.

זעלדע: איך האָב דיר נישט געלאָזן? האָסטו אים געקענט פאַרדרייען דעם קאָפּ. אויב איך געפעל אים בעסער, בין איך שולדיק?

לאה דאָבע: ביסט דאָך פאַר אים געלאָפן אין פייער און אין וואַסער.

זעלדע: נו איז וואָס? באשר דער טאַטע האָט מיט אים גערעדט. איך האָב מיט אים נישט גערעדט.

לאה דאָבע: און ווער איז פון בעט אַרויס געקראָכן ביינאַכט?

זעלדע: ס׳אַ ליגן!

לאה דאָבע: וואָס מיינסטו, כ׳בין געשלאָפן?

זעלדע: זאָגסט אַ ליגן. זאָג עס נאָך אַ מאָל וועל איך דיר מיט עפּעס געבן איבערן קאָפּ.

לאה דאַבע: פּרואוו נאָר...

זעלדע: וואָס ווילסטו פון מיר, איך זאָל אָפּטרעטן פון שטוב?

לאה דאַבע: הלוואי וואָלסטו עס נאָר געטאָן.

זעלדע: קענסט אים אַריינשיטן עפּעס אין טעלער און זאָל ער דיך ליב האָבן.

לאה דאַבע: ווע מען מיינסטו?

זעלדע: ווע מען דו ווילסט. איך קען דיר ביידן אָפּטרעטן. כ'וועל נישט פאַרזעסן ווערן. כ'האָב נישט קיין מורא.

לאה דאַבע: מיך האָסטו איינגעשפּאַנט אַלע שווערע מלאכות טאָן און אַליין שטריקסטו טישטעכער.

זעלדע: האָסט זיך נישט אויסגעלערנט בין איך שולדיק? קענסט מיר לאָזן וואַשן די כּלים, און דו גיי פון מיינעטוועגן וואוהין דו ווילסט. איך וועל היינט וואַשן די פּאָדלאָגע און טאָמער רירסטו זיך צו וועל איך דיר אָפּגיסן מיט הייסע וואַסער. נעם צו די כּלים איך וועל וואַשן די פּאָדלאָגע.

(לייגט אַוועק דעם טישטעך.)

לאה דאַבע: ווילסט זיך אויספּלייסן.

זעלדע: וויל איך זיך אויספּלייסן. וואו איז דער עמער?

לאה דאַבע: שטייט הינטערן טיר.

זעלדע: וואו איז דער רידל מיט דער שמאַטע?

לאה דאַבע: זוך, וועסטו געפינען.

זעלדע: כ'וועל זוכן און כ'וועל געפינען.

לאה דאַבע: מען באַדאַרף צושטעלן קאָכן; נישט קיין צייט צו וואַשן די פּאָדלאָגע איצטער.

זעלדע: פאַר מיר איז אויף אַלץ צייט.

לאה דאַבע: איך באַדאַרף דיך נישט פאַר קיין העלפער.

זעלדע (ענטפערט נישט. נעמט אַריין פון הינטער דער טיר אַן עמער וואַסער מיט אַ רידל און הייבט אָן וואַשן די פּאָדלאָגע.)

לאה דאַבע: איך האָב דיר געזאָגט דו זאָלסט נישט וואַשן.

זעלדע: כ'פרעג נישט ביי דיר.

לאה דאַבע (הייבט זיך אויף און וויל צונעמען דעם עמער.)

זעלדע: און איך וועל נישט לאָזן.

לאה דאַבע: וועלן מיר שוין זען.

זעלדע: און איך וועל נישט לאָזן, סיידן דו וועסט מיר די פינגער איבערהאַקן.

לאה דאַבע: דו וועסט נישט וואַשן, זאָג איך דיר, לאָז אָפּ, איך וויל נישט דו זאָלסט וואַשן די פּאָדלאָגע.

זעלדע: אַז דו וועסט אָנהייבן צו וויינען וועל איך אָפּלאָזן.

לאה דאַבע: וואָס ווילסטו האָבן פון מיר? וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר, דעם טויט מיר צו מאַכן?

זעלדע: אַז איך וויל וואַשן קען קיינער מיר נישט פאַרווערן. זי וועט נאָך אויסטראַכטן אויף מיר בלבולים אַז ביינאַכט בין איך פון בעט אַרויסגעגאַנגען... ווילסט אַליין וואַשן, נאָ, גיי, וואַש!

לאה דאַבע: איך באַדאַרף מיך אַמפּערן מיט דיר; איך וועל אַריינרופן דעם טאַטן.

(גייט אַרויס.)

זעלדע (גיסט אויס וואַסער אויפן פּאָדלאָגע און הייבט אָן צו שײַערן מיטן רידל. רייסט איבער איר אַרבעט און הערט זיך איין. גייט צום אַרויסגאַנגס־טיר. זי מערקט דאָרט לאה דאַבען): וואָס ווינסטו? וואָס האָב איך דיר געטאָן? וואָס בין איך שולדיק?

לאה דאַבע (קומט אַריין, ווישט די טרערן אין דער שטיל. זעצט זיך אַנידער ביים אַנדערן פענצטער. כליפּעט.)

זעלדע: הער אויף, לאה דאַבע. איך בעט דיר הער אויף.

לאה דאַבע (ווישט די טרערן.)

זעלדע: טו מיר צוליב און הער אויף. וואָס האָסטו צו מיר? וואָס ווינסטו איבער מיין קאָפּ, גלייך ווי איך וואָלט עפּעס שולדיק געווען?

לאה דאַבע: דו וועסט מיך פאַר דער צייט אין דר׳ערד פאַרטרייבן.

זעלדע: וואָס ווילסטו, זאָל איך דיר אויפרייסן מיין האַרץ? אַז כ׳זאָג דיר גלייבסטו מיר נישט. וואָס דען ווילסטו פון מיר?

לאה דאָבע: איך וויל אַז דו זאָלסט דיין שוועסטער אויך לאָזן לעבן אויף דער וועלט.

זעלדע: טאָ ווער לאָזט דיך נישט?

לאה דאָבע (וויינט אין דער שטיל.)

זעלדע: אַז דו זעצסט זיך אָן אויף מיר בין איך שלעכט. אָבער איך שווער דיר, אַז אין האַרצן וויל איך דיר זאָל זיין בעסער פון מיר. נו, וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן? זאָל איך מיר ס׳פּנים צעדראַפּען אָדער וואָס. כ׳ווייס נישט וואָס דו גייסט אַרום און קוקסט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען דיין מלאך־המוות.

לאה דאָבע: נעם אים פון מיר נישט צו. דו האָסט אַלטערן, זעסט, איך בין דיר אין וועג אַריין נישט געקראָכן. כאָטש איך בין גרעסער פון דיר.

זעלדע: איך ווייס נאָך נישט אויב אַלטער וויל מיך.

לאה דאָבע: דער טאַטע האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַליין גערעדט מיט אים. נאָר זינט ברוך משה איז אָנגעקומען האָסטו פאַרדרייט דעם קאָפּ.

זעלדע: אַז מיר אַרט נישט. ווילסטו וועל איך אַפילו נישט רעדן צו ברוך משהן.

לאה דאָבע: איר באַהאַלט זיך ביידע אויס פון מיר.

זעלדע: איך קען דיר באַווייזן אַז כ׳האָב אים פיינט. אָט וועסטו זען אַז ער וועט אַריינקומען וועל איך אַרויסגיין פון שטוב.

לאה דאָבע: שווער זיך, אַז ברוך משה אַרט דיר נישט.

זעלדע: אַזוי גלייבסטו מיר נישט?

לאה דאָבע: וואָס, קענסטו מיר נישט זאָגן קלאָר, צי ער אַרט דיר נישט?

זעלדע (באַקומט עפּעס פון קעשענע אין אַ פּאַפּירעלע איינגעוויקלט): נאַ דיר, אויב דו ווילסט קענסטו עס אים אַריינשיטן.

לאה דאָבע: וואָס איז עס?

זעלדע: יאַ־וויגע האָט עס מיר געגעבן. זי זאָגט מען שיט עס אַריין אין טעלער אימעצן.

לאה דאָבע: האָסט עס שוין לאַנג, און מיר האָסטו גאָר נישט געזאָגט.

זעלדע: זעסטו, און כ'האָב עס נישט אַריינגעשאָטן.

לאה דאָבע: פון וואַנען האָט עס יאַדוויגע?

זעלדע: זי האָט עס געקריגן. זי גיט עס איר מאַן איין מאָל אין חודש ער זאָל פון איר נישט אַנטלויפן.

לאה דאָבע (קושט זעלדען): זאָג מיר דעם אמת, דו האָסט עס ברוך משהן אַריינגעשאָטן?

זעלדע: ניין. ניסן אַלטערן האָב איך איין טראָפּעלע אַריינגעטאָן אין טעלער.

לאה דאָבע: ווען, שוין לאַנג?

זעלדע: נאָך שבועות. יעמאָלט ווען ער איז געלעגן, האָב איך אים אַריינגעטאָן אין די מילך אַריין.

לאה דאָבע: איצטער ווייס איך שוין אַלץ. איצטער פאַרשטיי איך שוין אַלץ. ער האָט יעמאָלט געוואָלט אַוועקגיין און מיט אַמאָל האָט ער אַוועקגעשליידערט דעם פּעקל און געבליבן דאָ... זעסטו, אַז דו באַהאַלסט זיך פון מיר.

זעלדע: איך האָב דיר נישט געוואָלט דערציילן.

לאה דאָבע: טאָ וואָס טראָגסטו עס איצטער אין קעשענע?

זעלדע: אַזוי, כ'האָב געוואָלט אויספּרובירן אויף ברוך משהן.

לאה דאָבע: האָסט שוין געטאָן, כ'ווייס, אַז דו האָסט עס געטאָן.

זעלדע: ווי דו גלייבסט מיר נישט!

לאה דאָבע: זאָג מיר צו, אַז דו האָסט עס נישט געטאָן.

זעלדע: איך שווער דיר, אַז איך האָב אים עס נישט געגעבן. שוין, זעסטו, אַז מיר אַרט עס נישט. קענסט עס אים נאָך היינט צו מיטיק אַריינטאָן.

לאה דאָבע: כ'וועל עס אים אַריינשיטן און דו וועסט אים דערציילן.

זעלדע: איך בין ערגער פון אַ נאַר וואָס איך רעד מיט דיר. אַן אַנדערער וואָלט געקענט מיינען אַז דיין שוועסטער איז דיר אַ שונא. אָט בעסער העלף מיר, וועלן מיר ביידע עס מאַכן געשווינד.

(וואַשט די פּאַדלאָגע.)

לאה דאַבע: וואַש דו און איך וועל צושטעלן קאָכן.

זעלדע: ס׳מאַכט נישט אויס, אַז דו וועסט אים אין די מילך אַריינטאָן.

לאה דאַבע: עס זעט דאָך אויס שוואַרץ, וואָס איז עס?

זעלדע: ס׳איז אַזאַ גראָז אויסגעטריקנט.

לאה דאַבע: כ׳וועל עס בעסער אין זיין טעלער אַריינטאָן.

זעלדע: ווילסט עס נאָך היינט?

לאה דאַבע: איך וויל נאָך היינט. כ׳זע דו האָסט חרטה וואָס דו האָסט עס מיר געגעבן.

זעלדע: ס׳איז מיר אַלץ איינס.

לאה דאַבע: איך ווייס, אַז דו ביסט מיר נישט קיין שונא. באשר ס׳האָרץ טוט מיר ווי פאַר וואָס אַלץ פאַר דיר, אַלץ פאַר דיר. (וואַשט אויך די פאַדלאָגע.) דו האָסט טאַקע געקענט מיינען, אַז איך בין דיר אַ שונא. אַמאָל דאַכט זיך מיר אויס אַז דו ביסט מיין קינד און איך בין דיין מאַמע און איך באַדאַרף אויף דיר אַכטונג געבן.

זעלדע: דעריבער פאַרדריסט עס מיר. מיינסטו איך בין אַזאַ שלעכטע. איך בין נישט שלעכט, נאָר איך פאַרשטיי אַלצדינג, און עס פאַרדריסט מיר.

ברוך משה (קומט אַריין): זעט נאָר, זעט נאָר ווי ערב יום טוב וואָלט געווען! ווי לאַנג איז עס זעלדע אַזאַ בריה געוואָרן?

לאה דאַבע: וואָס מיינט איר, אַז זעלדע קען קיין פאַדלאָגע נישט וואַשן?

ברוך משה: עס קלעפּט זיך נישט אַזוי ביי זעלדע ווי ביי אייך.

לאה דאַבע: זעט ווי ריין זי מאַכט.

ברוך משה: זעלדע רעדט היינט נישט?

זעלדע (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.)

ברוך משה: שוין לאַנג, אַז איר זענט ביידע שלום? גיט מיר, כ׳וועל אייך העלפן.

(וויל ביי זעלדען נעמען די שמאַטע.)

זעלדע: איך קען אַליין. איר האָט שוין קיין מלאכה נישט אין קוזשנע?

ברוך משה: כ׳האָב זיך צעקריגט מיט ניסן אַלטערן.
לאה דאָבע: גאָר צעקריגט?
ברוך משה: ער איז מיר מכבד מיטן גרויסן האַמער, גלייך ווי איך וואָלט געווען זיין לערן־ייִנגל.
זעלדע: ער איז טאַקע אַ בעסערער בעל־מלאכה פון אייך.
ברוך משה: דו ווייסט אויך ווער ס׳איז אַ בעסערער בעל־מלאכה?
לאה דאָבע: זי מאַכט חוזק.
ברוך משה: ער באַדאַרף זיך מיט מיר נישט שאַפן. איך בין נישט קיין יונג ביי אים.
לאה דאָבע: ער שאַפט זיך נישט מיט אייך.
ברוך משה: איך ווייס נישט ווער ס׳איז דער בעל הבית, ער צי אייער טאַטע.
זעלדע: דער טאַטע איז נישטאָ אין קוזשנע?
ברוך משה: איך פאַרשטיי ער וויל מיך אַרויסשטופן פון דאַנען. זאָל ער אַ ביסל וואַרטן. מיך שטופט מען נישט אַרויס.
לאה דאָבע: איר רעדט שוין נישט ביידע?
ברוך משה: כ׳ווייס דאָרט, בלאָזט זיך.
זעלדע (שיסט אוים מיט אַ געלעכטער.)
לאה דאָבע: וואָס לאַכסטו?
זעלדע: עס געפעלט מיר — לאַך איך.
ברוך משה: ער איז אין אייך געראָטן.
זעלדע: אַוודאי איז ער אין מיר געראָטן. ער געפעלט מיר דעריבער.
ברוך משה: ווען ס׳וואָלט טרעפן אויף אַן אַנדערן וואָלט ער מיט אייך אויך אויפגעהערט צו רעדן.
זעלדע: מען קען טאַקע מיינען, אַז איך בין שולדיק וואָס אַלטער בלאָזט זיך.
לאה דאָבע: נאָט אייך מיין שמאַטע און איך וועל גיין צושטעלן עפּעס עסן. איר זענט דאָך מסתמא הונגעריק... נאָט אייך.
ברוך משה (נעמט איבער לאה דאָבעס אַרבעט): וועלן מיר זען צי איך קען די מלאכה.

לאה דאַבע: סיי ווי קנאַפּ וואָס צו טאָן אין קוזשנע.

ברוך משה: וואָס האָט איר זיך צו מיר אויסגעדרייט מיטן פּליצע?

זעלדע: ווייל איך האָב אייך פיינט. ס׳איז נישט שיין פאַר אַ מאַנסביל צו וואַשן פּאַדלאָגעס.

ברוך משה: וואָס איז נישט שיין?

זעלדע: צו וואַשן די פּאַדלאָגע.

ברוך משה: איך וועל מיין ווייב נישט לאָזן וואַשן.

זעלדע: און איך וועל פיינט האָבן מיין מאַן, אויב ער וועט עס טאָן.

ברוך משה: וואָס זאָגט איר, לאה דאַבע?

לאה דאַבע: איך זאָג, אַז דער מאַן איז געטריי צו זיין ווייב איז עס זייער שיין.

ברוך משה: איך טו עס נישט צו מאַכן זעלדען גרינגער.

זעלדע: פאַר אירעט וועגן קענט איר זיך עס טאָן.

ברוך משה: און אַז כ׳וועל וועלן עס טאָן פאַר אייך.

זעלדע: האָט איר דאָך שוין געהערט וואָס כ׳האָב געזאָגט.

לאה דאַבע: וואָס אַרט אייך? איר וואַשט מיין טייל העלפט, און איך וועל דערפאַר קאָכן אַ געשמאַקן מיטיק.

ברוך משה: וואָס קאָכט איר אַזעלכס?

לאה דאַבע: איר וועט שוין שפּעטער וויסן.

זעלדע: איך מיין אַז ניסן אַלטער וועט זיך נישט אַנידערלייגן וואַשן די פּאַדלאָגע.

ברוך משה: ער איז אַ פּריץ. אין אייך געראָטן.

זעלדע: זאָל זיין אין מיר געראָטן.

ברוך משה: פאַרוואָס ביסטו כאָטש אין איין ביסעלע נישט געראָטן אין דיין שוועסטער.

זעלדע: דו הערסט, לאה?

(לאַכט.)

לאה דאַבע: ווען איך וואָלט אייך אַזוי געפעלן...

ברוך משה: איר געפעלט מיר טאַקע מער פון אייער שוועס־טער.

לאה דאָבע: ס'איז מיר טאַקע אַ גרויס וואונדער.

זעלדע: ניסן אַלטער האָט דיך אויך מער ליב.

לאה דאָבע: ניסן אַלטער — איך קען אים נישט אָנזען.

ברוך משה: איך וועל אים עס זאָגן.

לאה דאָבע: ער ווייס עס אַליין. איך רעד נישט צו אים און ער ווייס פאַר וואָס.

ברוך משה: איך וועל מאַכן אַ שלום.

זעלדע: רוקט זיך אָפּ. איר פאַרשמירט נאָר דאָס וואָס איך האָב ריין געמאַכט.

ברוך משה: אָ, אָ, ווי בייז.

שמואל שמחה (קומט אָן): האָסטו דיר געזען? וואָס איז דאָס? ס'איז דאָך נאָך צוויי וואָכן צו ראש השנה.

לאה דאָבע: קומט אַריבער אַהער, זיידע, איר וועט צוריק אָנטרעטן בלאָטע.

שמואל שמחה (קלייבט זיך דורך פאָרזיכטיק): האָסטו דיר גע־זען, עפּעס אַ נייס? זעלדע גאָר זאָל ליגן אויף דר'ערד און שייערן די פּאָדלאָגע.

ברוך משה: איר, רב שמואל שמחה, קוקט בעסער ווי איך העלף?

שמואל שמחה: וואָס דאַרפסטו דיר בייגן דעם רוקן. ס'איז פאַר ווייבער אַ מלאכה.

ניסן אַלטער (קומט אַריין.)

שמואל שמחה: זעסט, ניסעלע, מען מאַכט יום טוב אין שטוב.

ניסן אַלטער: מסתּמא זיך אַ קו געקעלבט אין דאָרף.

זעלדע: נאַ, אַלטער, מיר ברעכט שוין די פּלייצע, נאַ דיר די שמאַטע און קאָנטשע נאָר די שטיקל.

ניסן אַלטער: האָסט דאָך שוין איין העלפער.

זעלדע: דאָס איז לאהס העלפער נישט מיינער.

ברוך משה: איך בין אייערביידנס העלפער.

ניסן אַלטער: אַ שאָד וואָס דו ביסט געוואָרן אַ שמיד.

לאה דאָבע: וואָרעם וואָס?

ניסן אַלטער: די נאָסע שמאָטע האָלט ער בעסער אין האַנט ווי דעם האַמער.

זעלדע: ניסן אַלטער איז שוין באַלד מיט אַלעמען ברוגז.

שמואל שמחה (גייט אין צווייטן חדר.)

ברוך משה: איך בעט דיר נישט זאָלסט זיך פאַר מיר אָנ־נעמען.

לאה דאָבע: ס'איז דאָך טאַקע אַ ווייבערשע מלאכה, וואָס האָט איר זיך אָנגעקלייגט אויף דר'ערד?

ברוך משה: ס'איז מיינע אַ זאַך.

ניסן אַלטער: איך וועל זאָגן נחמן בערן וועט ער דיר העכערן שכירות.

ברוך משה: גיי אַרויס פון שטוב, וואָרעם...

ניסן אַלטער: וואָרעם וואָס?

ברוך משה (גלייכט זיך אויס): גיי בעסער אַרויס פון שטוב, די מינוט.

ניסן אַלטער: אַזאַ מעשה! איך זאָל פון שטוב אַרויסגיין. אַרבעט איז דאָ ווינציק, אפשר וואָלט געווען אַ סברה אַז דו זאָלסט אינגאַנצן פון דאַנען גיין?

ברוך משה: דו ביסט דאָ דער בעל הבית — נאַ אָט האָסטו דיר.

(ער שליידערט אויף אים די נאָסע שמאָטע.)

ניסן אַלטער (כאַפּט אַ שטעקן און לאָזט זיך צו ברוך משהן.)

לאה דאָבע (שפּרינגט אַריין אין מיטן און כאַפּט אַלטערן פאַר די הענט): גייט אין קוזשנע, גייט.

(זיי שטייערן זיך. זי איז שטאַרקער פון אים, זי שפּאַרט אים אַרויס אויף דער גאַס.)

זעלדע (שיסט אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער.)

לאה דאָבע: וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאַכט?

זעלדע: עס געפעלט מיר.

ברוך משה: זיין גליק וואָס ער איז אַרויסגעגאַנגען. כ׳וואָלט אים מיט דער שמאַטע דעם פּנים אויסגעווישט.

זעלדע (קען זיך נישט איינהאַלטן פון געלעכטער.)

לאה דאָבע: וואָס האָסטו זיך צעלאַכט?

זעלדע: אי האָב איך אַ נקמה, אי האָב איך אַ נקמה!

ברוך משה: ער וועט נאָך ביי מיר קריגן מיט אַ שטיק אָנגע־ברענטע אייזן.

לאה דאָבע: איך בין ברוגז אויף אייך דערפאַר.

זעלדע: וואָס אַרט עס דיר?

לאה דאָבע: איך ווייס דאָך פאַרוואָס ער איז אין כּעס.

ברוך משה: איך ווייס אויך פאַרוואָס ער איז אין כּעס, און כ׳האָב פאַר אים קיין מורא נישט. אַז איך וויל וואַשן די פּאָדלאָגע איז עס נישט זיין דאגה.

זעלדע (שיט אויס געלן זאַמד.)

לאה דאָבע: אַ גליק וואָס איך האָב אים אַרויסגעוואָרפן.

ברוך משה: אַ גבור אַ גרויסער.

לאה דאָבע: איך וואָלט אייך אויך אַרויסגעוואָרפן, ווען איך זאָל נישט מורא האָבן אַז איר וועט זיך הינטער דער טיר די נעז נישט אָפּבייסן.

ברוך משה: איר האָט שוין געטראָפן ווען אַרויסצוּוואַרפן.

זעלדע: לאָמיר זען.

ברוך משה: געטראָפן דעם אַרט.

לאה דאָבע: זאָגט איר אַז נישט... וואַרט לאָזט מיר נאָר צעבראָקן די ציבעלע אין די קאַרטאָפלעס אַריין.

זעלדע: ווילן מיר טאַקע באַלד זען.

ברוך משה: נו, קומט אַהער און פּרוּווט מיר אַרויסוואַרפן.

לאה דאָבע (זי כאַפּט אַרום ברוך משהן. ער לאָזט זיך נישט. זי גיט אים אַזאַ שליידער צום טיר, אַזש די טיר עפנט זיך אויף און ער פליט אַרויס אויף דער גאַס.)

ברוך משה (קומט אַריין): נו, פּרוּאווט נאָך אַמאָל, באשר כ׳האָב מיר אויסגעגליטשט.

לאה דאָבע: מער וויל איך נישט.

ברוך משה (מיט קינדערשע עקשנות פאַרשעמט): קומט נאָך אַמאָל. באשר איך האָב מיר נישט געווערט, כ׳האָב מיר אין מישנע נאָכגעגעבן.

זעלדע: נאָר אַן אויסרעדעניש. איך האָב געמיינט אַז איר זענט שטאַרקער. אַ גליק וואָס לאה דאָבע האָט ניסנען אַרויסגעוואָרפן. ער וואָלט אייך צעמזיקט.

ברוך משה (זיצט גאָר פאַרלאָרן.)

לאה דאָבע: ס׳איז נישט שיין, אַז צוויי מאַנסבילן שלאָגן זיך. כ׳האָב געזען ווי צוויי שקצים האָבן זיך אין דאָרף געשלאָגן. מיט שטיינער האָבן זיי זיך צעפּלעט די קעפּ. די בלוט האָט זיך זיי גע־גאָסן אונטערן קאָלנער.

ברוך משה (גייט אַרויס אַ קלאָפּ געבנדיק מיט דער טיר.)

זעלדע (כאַפּט אַרום לאה דאָבען. קושט זי): האָב איך דיך ליב! כ׳האָב דיך קיינמאָל אַזוי ליב נישט געהאַט. אַזוי ווי אַפּגעשמיסענע קוקן זייביידע אויס (לויפט צום פענצטער.) אפשר שלאָגן זיי זיך ווידער? דער טאַטע איז דאָ.

לאה דאָבע: ער וויל זיך גאָר מיט מיר שטייערן.

זעלדע: נו זאָג, ווּעמען ווילסטו פאַר אַ חתן?

לאה דאָבע: וואָס ביסטו אַזוי פריילעך?

זעלדע: אַזוי. זאָג ווּעמען ווילסטו פאַר אַ חתן?

לאה דאָבע: און דו?

זעלדע: איצטער האָב איך זיי ביידן פיינט. ער האָט זיך נישט געדאַרפט אַוועקלייגן וואַשן די פאַדלאָגע. איך האָב נישט געקענט קוקן אויף אים.

לאה דאָבע: ער וועט זיין זייער אַ געטרייער מאַן.

זעלדע: מיין מאַן וועל איך נישט לאָזן וואַשן קיין פאַדלאָגע.

לאה דאָבע: און אַז ער וועט דיר וועלן העלפן?

זעלדע: דאָס האָט ער דיר געהאָלפן נישט מיר.

(לאַכט ווידער.)

לאה דאַבע: דיר געפעלט וואָס זיי האָבן זיך צוליב דיר צע־שלאָגן?

זעלדע: צוליב מיר גאָר?

לאה דאַבע: ווי דען, צוליב מיר?

זעלדע: איך ווייס נישט אויב צוליב מיר.

לאה דאַבע: איך וועל אַרויסגיין זען אפשר שלאָגן זיי זיך ווידער.

(גייט אַרויס.)

שמואל שמחה (קומט אַרויס מיט שפּאַקולן אויפן נאָז און אַ ספר אין האַנט): זעסט, אַרויסגעפאַלן אַ גלעזל פון די שפּאַקולן, קענסטו עס מיר פאַרריכטן?

זעלדע: גיב אַהער.

שמואל שמחה: נעם אַראָפּ די שפּאַקולן. אין ספר ליגט דאָס גלעזל.

זעלדע (פאַרריכטנדיק): ווילסט, זיידע, אַז איך זאָל האָבן חתונה?

שמואל שמחה: אַוודאי וויל איך. שוין צייט געווען צו האָבן אוראייניקלעך.

זעלדע: וועמען זאָל איך נעמען?

שמואל שמחה: וועמען, ווייסט דאָך וועמען. דער טאַטע זאָגט, אַז דו האָסט זיך באַנאַרישט.

זעלדע: מיט וואָס האָב איך זיך באַנאַרישט?

שמואל שמחה: ער וויל דיך ווי דו שטייסט און גייסט, און דו...

זעלדע: וועמען מיינסטו, זיידע?

שמואל שמחה: איך מיין ניסנען.

זעלדע: פאַרוואָס נישט ברוך משהן?

שמואל שמחה: זאָל ער זיין פאַר דער אַנדערער.

זעלדע: פאַרוואָס נישט פאַר מיר?

שמואל שמחה: מען קען מאַכן אַ בייט. איז אויך אַ וואוילער בחור.

זעלדע: און אַז ניסן אַלטער וועט נישט וועלן דאַבען?

שמואל שמחה: דאַבע איז מער לייט פון דיר. ער ווייסט עס. דו ביסט צעלאָזן.

זעלדע: וואָס זאָגסטו?

שמואל שמחה: ביסט צעלאָזן. האָסט זיך אָפּגעלערנט פון די דאָרפישע.

זעלדע: ס'איז נישט אמת.

שמואל שמחה: דער זיידע זאָגט דעם אמת. מען האָט געקענט פּראָוועץ אַ חתונה חנוכה.

זעלדע: איך וויל נאָך נישט חתונה האָבן.

שמואל שמחה: וואָס הייסט דו ווילסט נישט. מען פרעגט נישט ביי דיר. דער יינגל וויל דיך, איז פרייט מען זיך. ס'וועט דעם טאַטן זיין גרינגער.

זעלדע: זאָל לאה פריער חתונה האָבן.

שמואל שמחה: דו באַדאַרפסט פריער חתונה האָבן. ביסט אַ ציג. דאַרף מען דיך חתונה מאַכן.

זעלדע: באשר איך בין פריילעך.

שמואל שמחה: אָט זעסטו, זאָגסטו אַליין ביסט פריילעך. באַדאַרף מען האָבן חתונה. קינדער האָבן, פירן אַ שטוב. כ'האָב אים ליב, דעם יינגל, אַלטערן מיין איך.

זעלדע: ער וועט בעסער נעמען לאהן. זאָל לאה האָבן פריער חתונה און איך וועל וואַרטן. איך וויל נאָך וואַקסן.

שמואל שמחה: מען קען נאָך דער חתונה אויך וואַקסן.

נחמן בער (קומט אַריין. גייט אַרום אָנגעבלאָזן.)

שמואל שמחה: קענסט אויך הערן, מיין זון, וואָס כ'רעד מיט זעלדען.

נחמן בער: איך וויל מיט איר נישט רעדן. איך וועל נעמען אַ שטעקן און צעברעכן איר די ביינער.

זעלדע: וואָס ווילסטו פון מיר האָבן?

נחמן בער: וואָס פאַרדרייסטו דעם מענטשן אַ קאָפּ?

זעלדע: וואָס?

נחמן בער: איך קען דיך מער נישט שלעפּן אויף מיינע פּליי־צעס!

שמואל שמחה: האָסט זיך נישט וואָס צו בייזערן.

נחמן בער: אַ קינד זאָל נישט האָבן קיין דרך ארץ פאַר אַ טאַטן.

זעלדע: וואָס ווילסטו פון מיר?

נחמן בער: איך וויל דו זאָלסט חתונה האָבן! איך קען דיך מער נישט שלעפּן אויף זיך.

זעלדע (וויינט): וואָס בין איך דיר מיט אַמאָל שווער געוואָרן?

נחמן בער: איך האָב אַ מענטשן צוגעזאָגט.

זעלדע: איך בין נאָך אַ קינד.

נחמן בער: געזען אַ קינד. שוין באַלד אַכצן יאָר.

זעלדע: לאה דאָבע איז גרעסער פון מיר.

נחמן בער: צוליב דיר וועט לאה דאָבע פאַרזעסן ווערן. כ׳האָב נישט קיין נדנען פאַר אייך. איר הערט, איך וויל אייך מער נישט שלעפּן אויף די פּלייצעס. היינט זאָל עס נעמען אַ סוף!

שמואל שמחה: איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

נחמן בער: אין קוזשנע איז ליידיק. כ׳האַלט אַ מענטשן און גיב אים עסן אומזיסט.

זעלדע: טאָ זאָג אים אָפּ, אויב דו האָסט פאַר אים נישט קיין מלאכה.

נחמן בער: איך האָב שוין קיין כּוח נישט צו האָרעווען. כ׳האָב מיינע אָדערן אויסגעצויגן!

שמואל שמחה: שריי נישט, מען קען מיט גוטן אויך דאָס איי־גענע מאַכן.

נחמן בער: אַן עק זאָל עס נעמען.

זעלדע: ער רעדט אַפילו נישט מיט מיר.

נחמן בער: ביסטו שולדיק... ער וועט נאָך מיך אָוועקוואַרפן אויך. ס׳וועט דיר מער נישט פעלן. איך וועל דיך פון שטוב אַרויס־יאָגן.

שמואל שמחה: וועלן זיך איבערבעטן.

נחמן בער: וואָס ביסטו געקראָכן אין קוזשניע אַריין? ווער האָט דיך געבעטן, דו זאָלסט אים פּאַרדרייען אַ קאָפּ?

לאה דאָבע (קומט אַן): וואָס שרייסטו, טאַטע?

נחמן בער: דאָס האָסטו זי צעלאָזן.

לאה דאָבע: וואָס?

נחמן בער: געלאָזט זי שלאָפן ביז האַלבן טאָג און נישט גע־לאָזט איר איינטונקען אַ האַנט אין קאַלטע וואַסער.

זעלדע: איך האָרעווע קנאַפּ?

נחמן בער: איך וואָלט איר געהייסן וואַשן די פּאָדלאָגע. זאָל זי בייגן דעם רוקן.

לאה דאָבע: זעלדע האָט די פּאָדלאָגע געוואָשן היינט, נישט איך.

נחמן בער: האָט זי געוואַשן, אַלץ איינס. כ'וועל וואַרטן נאָך אַ טאָג און דער סוף וועט זיין, איך וועל נעמען אַ שטעקן און ברעכן די ביינער.

(גייט אַרויס.)

שמואל שמחה: דער טאַטע איז גערעכט.

לאה דאָבע: וואָס האָט ער געשריען?

שמואל שמחה: דער טאַטע וויל אייך ביידן אַראָפּוואַרפן פון די פּלייצעס.

לאה דאָבע: וואָס איז דאָ געווען פאַר אַ געשריי, זעלדע?

זעלדע: אי, האָב איך אַ דאגה. כ'זאָל מיר אַלצדינג צוהערן, וועט אויף מיר גראָז אָנוואַקסן.

שמואל שמחה (אַרויסגייענדיק): קינדערלעך, צייט חתונה צו האָבן. כ'בין אין אייערע יאָרן שוין געווען אַ טאַטע.

לאה דאָבע: וואָס איז דאָ געווען, זעלדע? ווייסט, ברוך משה איז נישטאָ.

זעלדע: וואו איז ער?

לאה דאָבע: איך ווייס נישט.

זעלדע: ווער קלאַפּט עס דאָרט אויפן קאַוואַדלע?

לאה דאָבע: ס'איז ניסן אַלטער.

זעלדע: ער האָט גערעדט צו דיר?

לאה דאָבע: איך בין אַריינגעגאַנגען אין קוזשניע. כ'האָב מיר געמאַכט אַז איך זוך עפּעס און ער האָט זיך נישט אומגעקוקט.

זעלדע: ער שעמט זיך.

לאה דאָבע: וואו קען זיין ברוך משה?

זעלדע: אפשר איז ער אַוועקגעגאַנגען?

לאה דאָבע: זיינע זאַכן הענגען דאָ אויפן וואַנט.

זעלדע: איך וועל גיין באַהאַלטן די זאַכן זיינע.

לאה דאָבע: גיי, טו עס טאָקע, לייג זיי אַריין אין קופערט.

זעלדע (גייט אין אַנדערן צימער, רעדט פון דאָרט): זאָלסט אָבער נישט זאָגן אַז איך האָב עס געטאָן.

לאה דאָבע: ער באַדאַרף עס גאָרנישט וויסן.

זעלדע (קומט אָן): איך וויל נישט ער זאָל וויסן אַז איך האָב עס געטאָן.

לאה דאָבע: וואָס האָט דער טאַטע געשריגן?

זעלדע: כ'זאָל זיך איינהערן וואָס ער שרייט וועט, אויף מיר גראָז אַנוואַקסן. זאָג מיר, מיט וואָס טו איך עס קנאַפּער פון דיר? איך העלף דיר נישט?

לאה דאָבע: איך האָב עס דיר קיינמאָל נישט געזאָגט.

זעלדע: וואָס האָבן זיי זיך אויף מיר אָנגעזעצט?

לאה דאָבע: שאַ, מיר דאַכט, זיי גייען אין שטוב אַריין... זעלדע, זאָג מיר ווי אַזוי זאָל איך עס מאַכן?

זעלדע: טו אַליין ווי דו ווילסט, פון מיינעטוועגן קענסטו עס ניסן אַלטערן אויך אַריינשיטן.

לאה דאָבע: זע, ווי דו ביסט אַ שלעכטס.

זעלדע: וואָס ווילט איר פון מיר האָבן? אַלע האָבן זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר.

לאה דאָבע: נו, איז נישט. איך בין אַ נאַר וואָס כ'רעד אַפילו צו דיר.

זעלדע (גייט צום קוימען): שיט עס אַריין ניסן אַלטערן...

לאה דאָבע: ניין, איך וויל נישט.

זעלדע: פאַרוואָס?

לאה דאָבע: דו האָסט עס אים איינמאָל געגעבן און איצטער איך, ווער ווייסט עס קען אַמאָל עפּעס דערפון אַרויסקומען. כ׳האָב מורא.

זעלדע: וואָס קען עס שאַדן?

לאה דאָבע: איך האָב מורא.

זעלדע: אָבער אַזוי געפעלט דיר ניסן אַלטער. אמת?

לאה דאָבע (קוקט זי אָן צעטומלט.)

זעלדע: וואָס קוקסטו מיך אָן אַזוי?

לאה דאָבע: דו האָסט אַ האַרץ פון נישט קיין יידיש קינד. אָט וואָס איך זאָג דיר.

זעלדע: איך רעד דאָך סיי ווי מיט ביידן נישט. וואָס האָסטו צו מיר? דער טאַטע האָט ניסן אַלטערן צוגעזאָגט.

לאה דאָבע: איך ווייס שוין אַליין וואָס כ׳האָב צו טאָן. מיינסט טאַקע, ביסט קליגער פון מיר. איך בין אַ נאַר אַפילו וואָס איך רעד צו דיר.

זעלדע: כ׳האָב דיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז ביי מיר האָסטו נישט וואָס צו פרעגן.

לאה דאָבע: אַזאַ שונא ווי דו ביסט.

זעלדע: בין איך דיר אַ שונא.

לאה דאָבע: גרייט צום טיש, וואָרעם זיי קומען באַלד אָן עסן.

זעלדע: זיי באַדאַרפן שוין אַריינקומען.

לאה דאָבע: כ׳וועל זיי גיין אַריינרופן.

זעלדע: וועלן מיר זען.

(זי גרייט צום טיש.)

לאה דאָבע (שרייט אַרויס פון טיר): קומט אַריין, מיטאָג איז שוין פאַרטיק! ברוך משה איז דאָך דאָ.

זעלדע: וואו איז ער?

לאה דאָבע: וואָס האָסטו זיך אַזוי אָנגעכאַפּט?

זעלדע: ס'איז נישט אמת, ער וועט אין שטוב נישט אַריינקו־מען.

נחמן בער (קומט אַריין. וואַשט זיך. גייט צום טיש, מאַכט אַ מוציא.)

שמואל שמחה (קומט אַריין): נע, וועט זיין מלאכה, מען האָט פון דאָרף געבראַכט אַ סאַכע צו פאַרריכטן.

(וואַשט זיך און גייט צום טיש, קייט דעם ברויט.)

נחמן בער: גיי רוף אַריין די מענטשן עסן.

לאה דאָבע: איך גיי.

נחמן בער: לאָז איר, זאָל זי גיין.

לאה דאָבע: איך וויל גיין, וואָס איז דען דער חילוק?

נחמן בער: איך זאָג דאָך, זי זאָל גיין!

ניסן אַלטער (קומט אַריין. וואַשט זיך): מען האָט געבראַכט מלאכה פון דאָרף.

נחמן בער: גיי רוף אַריין ברוך משהן עסן.

ברוך משה (קומט אַריין. ער וואַשט זיך שווייגנדיק און גייט צום טיש.)

נחמן בער: ווער וועט מיט מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין?

שמואל שמחה: נאָכסאָל באַדאַרפסטו אין שטאָט?

נחמן בער: איך וויל אויסקלייבן לעדער אויף אַ בלאָזאַק.

ניסן אַלטער: כ'וועל זען, אפשר וועל איך מיט אייך מיט־פאָרן.

נחמן בער (צו ברוך משהן): אפשר וועסטו אויך מיטפאָרן. וועסט העלפן אויסקלייבן.

ברוך משה: איך קען מיטפאָרן אויב איר ווילט...

לאה דאָבע (עסקט זיך ביים קוימען. טראָגט יעדן צו אין טיפע טעלער געקעכץ. ברוך משהס טעלער לאָזט זי צום לעצטן. שיט אַריין עפעס פון אַ פאַפּירעלע און מישט אוים. ס'פּנים איז איר אויפגערעגט און די הענט ציטערן אַזש. זי גייט צום טיש.)

**זעלדע** (וואָס האָט די גאַנצע צייט פון ווייטן אויף דעם אַכטונג געגעבן, טוט זיך פלוצלונג אַ ריס פון אָרט ווי אַרויסצוגיין שנעל פון שטוב און פאַרבייגייענדיק טוט זי אַ שטויס לאהס האַנט. דער טעלער פאַלט אַרויס און ווערט צעבראָכן. אַליין גייט זי אַרויס. דער עולם דערשרעקט זיך פון בראָך.)

**לאה דאָבע: אוי וויי, הענט און פיס האָט מיר אַזש אָפּגענומען פאַר שרעק!**

**נחמן בער: וואוהין איז זי געלאָפן?**

**שמואל שמחה: כ'האָב געזאָגט, ס'איז אַ ציג, מען באַדאַרף זי חתונה מאַכן.**

**נחמן בער: וואוהין איז זי געלאָפן?**

**לאה דאָבע** (קוקט צעטומלט צו דעם צעבראָכענעם טעלער.)

(שווייגנדיק נעמט זי דעם בעזים און הייבט אָן צו קערן די שערב־לעך, ווישנדיק די טרערן מיט דעם אַרבל.)

# דריטער אַקט

אין קוזשניע איז פינצטערלעך. אַ שוואַכער שיין שלאָגט אַריין פון דרויסן דורך אַ קליין פאַרשוואַרצט פענצטערל. הינטערן קוזשניע דערהערט מען טריט און שמואל שמחהס געזאַנג.

שמואל שמחה (קומט אַריין. ער עפנט די טיר. דרויסן טאָגט. זינגט): **אודה לאל לבב חוקר, ברן יחד כוכבי בוקר.** (גייט צום האָרנע און ציט דעם בלאָזאַק.) **כע, כע, נאָך פייער פאַראַנען... אודה לאל לבב חוקר... לאָמיר מאַכן פאַר זיך טשוועקעלעך, טאָמער ברענגט עמיצער פערד שמידן. אודה לאל לבב חו־קר ב־רן י־חד כוכ־בי בו־קר.**

ניסן אַלטער (קומט אַריין): **גוט מאָרגן.**

שמואל שמחה: **אַ שיינער פרימאָרגן. האַ, האַ, אויף דער גרויסער וועלט איז איצטער לעבעדיק...**

ניסן אַלטער: **וואָס מיינט איר?**

שמואל שמחה: **עשרת ימי תשובה. יידעלעך פאַסטן. מען שטייט אויף פרי אין בית מדרש אַריין.**

ניסן אַלטער: **אַז כ׳בין געווען אַ יינגל בין איך מיטן טאַטן כסדר אויפגעשטאַנען צו סליחות. אַליין גלוסט זיך נישט צו זאָגן.**

שמואל שמחה (זינגט): **אודה לאל לבב חוקר, ברן יחד כוכבי בוקר. עך, כ׳וואָלט נאָך וועלן די אייניקלעך אויסגעבן.**

ניסן אַלטער: **אַ שאָד געווען אַוועקצופאָרן פון שטאָט.**

שמואל שמחה: **ווען מיינסטו?**

ניסן אַלטער: **כ׳מיין נאָך ראש השנה.**

שמואל שמחה: מיר אויך געווען אַ שאָד. דאָרטן ציטערט אַ פיש אין וואַסער און דאָ (קלאַפּט מיטן האַמער אויף אַ רויט אָנגעגליט שטיקל אייזן.) אודה לאל לבב חוקר... אַ שיינער בעל תּפילה. אַ ביסל נאָר הייזעריקלעך. ווייסט נישט, יום כּיפּור איז אויך דער איי־גענער?... נע, כאָטש דעם ווינטער איבערציען.

ניסן אַלטער: איר וועט נאָך נישט איין ווינטער איבערציען.

שמואל שמחה: אַלט געוואָרן. קומט ימים־נוראים ציטערט אַ פיש אין וואַסער... כ'בין גאָר אַ בעלן אָפּצודאַווענען. לאה, באַקט ברויט, באַדאַרף מען איר הייסן... אַך אַ בריה, אַך אַ בריה. אַ כשר קינד.

ניסן אַלטער: זעלדע וועט שוין מסתּמא זיין ביז איבער יום כּיפּור ביי איר מומען.

שמואל שמחה: האָב איר אַ גוט יאָר. כ'האָב איר געזאָגט: פאָר אַהיים, דעם זיידן וועט זיין אומעטיק.

ניסן אַלטער: אויסגעמאַכט מיט אַלע שטאָטישע מיידלעך.

שמואל שמחה: די איז שעמעוודיק... האָט געהאַט אַ כשרע מאַמע... עט, ווען די מאַמע וואָלט איצטער לעבן. די צייטן געווען שלעכטלעך יעמאָלט. נו כ'וועל גיין אין שטוב.

(זינגט.)

ניסן אַלטער: וועקט אויף ברוך משהן, זאָל ער גיין העלפן. עפּעס האָט ער אָנגעהויבן שפּעט צו שלאָפן.

שמואל שמחה: כ'וועל אים אויפוועקן.

(גייט אַוועק זינגענדיק.)

ניסן אַלטער (פאַרנעמט זיך צו דער אַרבעט.)

לאה דאָבע (קומט אָן.)

ניסן אַלטער: לאהשי, גוט מאָרגן!

לאה דאָבע: די גראָז איז אַזוי נאַס און קאַלט. אַ פרעסטעלע ליגט אויף די גראָז.

ניסן אַלטער: פאַרוואָס גייט איר אום באָרוועס איצטער?

לאה דאָבע: כ'האָב מיר אַזוי אַרויסגעכאַפּט.

ניסן אַלטער: נישט אומעטיק אָן זעלדען?

לאה דאַבע: אַ דאגה מיר, זי האָט געוואָלט בלייבן אין שטאָט איבער יום־כּיפּור.

ניסן אַלטער: ס׳איז אייך נישט שווער אין שטוב אַליין?

לאה דאַבע: און צען מאָל אַזוי פיל מלאכה וואָלט איך נישט אויפגעטאָן?

ניסן אַלטער: דער טאַטע שוין אויפגעשטאַנען?

לאה דאַבע: ער שטייט אויף.

ניסן אַלטער: דער פֿריץ שלאָפֿט נאָך אויך.

לאה דאַבע: ברוך משה, ער האָט זיך נאָר וואָס איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זייט.

ניסן אַלטער: ער האָט געוואָלט בלייבן אין שטאָט נאָך ראש־השנה.

לאה דאַבע: איך האָב פֿאַרשטאַנען.

ניסן אַלטער: איך האָב אים קוים איינגערעדט. כ׳ווייס, ראש־השנה, כ׳האָב נישט געוואָלט פירן קיין ברוגז; כ׳האָב מיר מיט אים איבערגעבעטן.

לאה דאַבע: איר האָט צו אים אָנגעהויבן צו רעדן?

ניסן אַלטער: זאָל מיינס איבערגיין. ביי אים וואָלט רעכט געווען יום־כּיפּור אויך זיין שטום.

לאה דאַבע: אייך געפעלן עפּעס די שטאָטישע מיידלעך?

ניסן אַלטער: די שטאָטישע מיידלעך האָבן אויסגעמאַכטע קעפּ, דאָס אַלץ. קענען זיך אויסרעדן מיט אַ מענטשן.

לאה דאַבע: אָבער אַ מאַן, האָט פון אַזאַ ווייב געהאַקטע צרות.

ניסן אַלטער: זעלדע האָט געקענט זיין אַ שטאָטישע.

לאה דאַבע: זאָלן נאָך וואַרטן די שטאָטישע מיידלעך צו גלייכן זיך מיט איר.

ניסן אַלטער: איך האָב נישט געוואוסט, לאה, אַז איר זענט אַזאַ גוטע.

לאה דאַבע (פֿאַרשעמט): אַז איך בין אַ גוטע בין איך פֿאַר זיך אַליין.

ניסן אַלטער: נישט נאָר פֿאַר זיך אַליין. אַט ווילט איר קיין בייז וואָרט נישט אויסרעדן אויף זעלדען.

לאה דאָבע: וואָרעם וואָס, אויב זי געפֿעלט עמיצן מער ווי איך, טאָ דעריבער באַדאַרף איך איר זיין אַ שונא?

ניסן אַלטער: ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז זי געפֿעלט אַלעמען מער?

לאה דאָבע: איך ווייס אַליין. מען באַדאַרף עס מיר זאָגן? צוליב מיר האָט איר זיך צעקריגט מיט ברוך משהן? אַוודאי נישט צוליב מיר.

ניסן אַלטער: אַט קומט אַהער, לאה דאָבע, כ׳ווייס אַז איר זענט נישט נאָר אַ גוטע, נאָר איר זענט אַ קלוגע אויך, אַט אַדרבא קומט אַהער, כ׳וויל אייך עפּעס זאָגן...

לאה דאָבע: איך וועל נאָר לויפֿן אַ קוק טאָן ווי האַלט עס מיטן אויוון. איך האָב איינגעהייצט אויף ברויט.

(לויפֿט אַרויס.)

נחמן בער (קומט אַן): גוט מאָרגן. אַ פֿרעסטל געווען דרויסן. וואָס טוסטו?

ניסן אַלטער: גאָר קיין חשק נישטאָ צו דער אַרבעט. ס׳וואָלט זיך וועלן ווידער אין שול אַריין.

נחמן בער: נו, אויף יום כּיפּור אַז גאָט וועט שענקען ס׳געזונט, אפשר וועט מען קענען אַרויספֿאָרן אַ ביסל פֿריער.

לאה דאָבע (קומט אַן): נאָט אייך געבראָטענע קאַרטאָפֿל...

נחמן בער: איך האָב נאָך נישט געדאַוונט.

ניסן אַלטער: איך דאַוון גלייך ווי איך שטיי אויף.

נחמן בער: כ׳וואָלט אויך געווען אַ בעלן צו זיין איצטער אין שטאָט; אין בית מדרש זאָגט מען תּהילים.

ניסן אַלטער: אָ, מען האָט שוין דאָרט לאַנג אָפּגעדאַוונט דעם ערשטן דאַוונען.

לאה דאָבע: איר וועט שוין באַלד קענען אַריינקומען עסן. ס׳איז שוין באַלד פֿאַרטיק.

(גייט אַרויס.)

נחמן בער: כאַ, כאַ, די קליינע געבליבן ביי דער מומען. געוואוסט, אַז אין שטוב איז פאַראַן וואָס צו טאָן ערב יום־טוב... איך וואָלט זי נישט איבערגעלאָזן, נאָר לאה דאָבע איז צוגעשטאַנען, איך זאָל זי לאָזן. נע, מען באַדאַרף גיין דאַוונען.

ניסן אַלטער: איר וועט מיר העלפן אָנציען אַ ראָד, דערנאָך וועט איר גיין.

(ער לייגט אַ ראָד אויפן קאָוואַדלע און נעמט צופּאַסן די שינע.)

נחמן בער: דער בעל תפילה היינטיקס יאָר געווען אַביסל הייזעריקלעך. מען זאָגט אַז ער האָט זיך פאַרקילט.

ניסן אַלטער: די משוררים אָבער האָבן גוט אונטערגעהאַלטן. איינער זאָגט מען איז טאַקע זיינער.

נחמן בער: אַ שאַרף קולכל.

ניסן אַלטער: דער קוויטשער געפעלט מיר אויך בעסער.

נחמן בער: האָט דעם חזן איבערגעשריען.

ניסן אַלטער: יום כיפור איז אויך דער אייגענער חזן...

נחמן בער: ברוך משה האָט זיך עפּעס פאַרשלאָפן.

ניסן אַלטער: זאָל ער שלאָפן... כ׳האָב געוואָלט מיט אייך פון עפּעס רעדן.

נחמן בער: ער פוילט זיך צו אַ ביסל.

ניסן אַלטער: איך וויל ווערן אייער איידעם, רב נחמן בער.

נחמן בער: כ׳האָב גרויס צער פון דער קליינער. כ׳האָב זי אַנומלט אָנגעשלאָגן. ס׳האָט מיר דערנאָך ס׳האַרץ ווי געטאָן. אָבער כ׳האָב גרויס צער.

ניסן אַלטער: איך האָב געטראַכט, און געטראַכט, איר הערט, זיי זענען דאָך אַ צווילינג. כאָטש זעלדע איז געבאָרן געוואָרן פריער, אָבער כ׳מיין אַז אפשר איז לאה די עלטערע.

נחמן בער: אַנטקעגן וואָס זאָגסטו עס?

ניסן אַלטער: איך וויל ווערן אייערער אַן איידעם.

נחמן בער: ווילסטו, הייסט עס, לאה דאָבען, נישט די קלענערע. און איך האָב געמיינט אַז דו ווילסט די קלענערע.

ניסן אַלטער: כ׳האָב ראש־השנה געטראַכט... אפשר איז טאַקע לאה די עלטערע.

נחמן בער: אויפן קוק איז זי טאַקע די עלטערע. און יענע זעט אויס גאָר אַ קינד.

ניסן אַלטער: וואָס זאָגט איר?

נחמן בער: וואָס האָב איך פון דעם צו זאָגן? כ׳האָב אויך ראש־השנה איבערגעטראַכט...

(עס קומט אַן אַ פור הינטערן קוזשנע.)

ניסן אַלטער: עמיצער איז צוגעפאָרן.

זעלדע (לויפט אריין): גוט מאָרגן!

נחמן בער: ווי קומסטו אַהער?

ניסן אַלטער: אַ גאַסט אין שטעטל.

זעלדע: אוי ווי ס׳איז קאַלט! אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיך געשלעפּט.

(וואָרעמט די הענט ביים האָרנע.)

נחמן בער: מיר פאָרן דאָך, אם ירצה השם, מאָרגן אין שטאָט אַריין.

זעלדע: ס׳האָט זיך מיר אַזוי געבענקט, אַז כ׳האָב נישט גע־קענט אויסהאַלטן.

נחמן בער: מיט וועמען ביסטו געקומען?

זעלדע: מיט אַ יידן אַ מוכר־ספרימניק.

נחמן בער: אַן איינפאַל אַ ביסל.

זעלדע: נו ניסעלע, ס׳איז ערב יום־כיפור, מאָרגן באַדאַרף מען זיך דאָך איבערבעטן.

נחמן בער: אַן איינפאַל אַ ביסל.

לאה דאָבע (לויפט אַריין, פאַלט אויפן האַלדז זעלדען): וואָס ביסטו געקומען? מיר פאָרן דאָך מאָרגן אַלע.

זעלדע: איך אַזוי געבענקט... וואָס טוסטו, ס׳גייט אַ רויך פון קוימען?

לאה דאָבע: איך באַק ברויט.

זעלדע: איך וועל לויפן אין שטוב זיך אַנוואַרימען.

לאה דאָבע: איך האָב דיר טאַקע עפּעס צו דערציילן.

(לויפן ביידע אַרויס.)

אַ ייד (קומט אַריין): אַ גוטער מאָרגן!

נחמן בער: אַ גוטער יאָר; שלום עליכם...

דער ייד: עליכם שלום. כ׳האָב אייך געבראַכט אייער טאָכטער. אַ געראָטענע טאָכטער. כ׳האָב מיט איר געזונגען שמע ישראל, האָט זי עס באַלד איבערגענומען.

ניסן אַלטער: אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן?

דער ייד: שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט אַז כ׳בין אַרויסגע־פאָרן.

נחמן בער: וואוהין זשע פאָרט מען?

דער ייד: כ׳וויל מיר ביז מאָרגן אַריבערכאַפּן אין אַ צווייטער שטאָט, אַביסל צו לאַנג געשטאַנען אויף אַן אָרט.

נחמן בער: האָט ס׳פערד וואָס צו עסן?

דער ייד: כ׳האָב אים געגעבן אַ ביסל היי. שפּעטער וועל איך אים אויפן גראָז אָפּלאָזן. אַ וואַזשנע טאָכטער האָט איר.

נחמן בער: די אַנדערע איז אויך מיינע.

דער ייד: דערפאַר וואָס כ׳האָב זי אייך געבראַכט וועט איר מיר דעם פערד איבערשמידן. זי האָט מיר אַזוי צוגעזאָגט. דער טאַטע, זאָגט זי, איז אַ שמיד און איך וועל אים זאָגן וועט ער אייך ס׳פערד איבער־שמידן. אָט געהערט ווי די פּאָדקאָוועס קלינגען, זאָגט זי: מען באַ־דאַרף דעם פערד איבערשמידן. כאַ כאַ... באַלד פאַרשאַנען, אַז דאָס איז אַ שמידס אַ טאָכטער. מען באַדאַרף עס נאָר איבערשמידן. די פּאָדקאָוועס זענען גוט.

ניסן אַלטער: שפּעטער נאָך איבערבייסן וועט מען עס מאַכן.

זעלדע (קומט אַריין): טאַטע, מען וועט דעם יידנס פערד באַ־דאַרפן איבערשמידן.

נחמן בער: כ׳האָב שוין געהערט.

זעלדע: ס׳איז מיר אַזוי קאַלט. גיב, וועל איך דיר העלפן אָנ־ציען דעם ראָד.

דער ייד: כ׳וועל מיר גיין נעגל־וואַסער אָפּגיסן. קען מען שוין צו אייך אין שטוב אַריינגיין?

נחמן בער: אַט, זייט־זשע מוחל.

(גייען ביידע אַרויס.)

זעלדע: נו וואָס בלאָזסטו זיך אויף מיר? כ׳האָב זיך דאָך איבער־געבעטן מיט דיר. פאַר יום־כּיפּור בעטן זיך אַלע איבער.

ניסן אַלטער: איך בין נישט געווען אויף דיר ברוגז.

זעלדע: גיב, וועל איך דיר העלפן דעם ראָד אָנציען.

ניסן אַלטער: כ׳מיין, ס׳איז נישט אומזיסט, וואָס זעלדע איז אַהיים געקומען צו לויפן.

זעלדע: וואו איז ברוך משה? ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט זיך נישט אומקערן אַ היים.

ניסן אַלטער: דו האָסט אים נישט געזען אין שטוב?

זעלדע: ער דאַוונט. האָט נישט געוואָלט אויסרעדן אין מיטן דאַוונען.

ניסן אַלטער: כ׳האָב היינט גערעדט מיטן טאַטן דיינעם, אַז כ׳וויל ווערן זיין איידעם, און אַז כ׳וויל לאה דאָבען פאַר אַ ווייב.

זעלדע (גאַנץ קאַלט): נו וואָס האָט ער געזאָגט?

ניסן אַלטער: ער זאָגט, אַז ס׳איז אַזוי גלייכער.

זעלדע: דאָס ווילסטו מיר אָפּנאַרן.

ניסן אַלטער: אויף מיין וואָרט!

זעלדע: איך וועל עס גיין זאָגן לאהן.

(לויפט אַרויס.)

ברוך משה (קומט אַן.)

ניסן אַלטער: שוין געדאַוונט?

ברוך משה: שוין געדאַוונט. כ׳פאָר אַוועק.

ניסן אַלטער: וואוהין?

ברוך משה: פונקט דאָ אַ פור, אַ מוכר־ספרימניק.

ניסן אַלטער: וואוהין ווערסטו פאָרן?

ברוך משה: נאָר דאָ איז אַן אָרט? כ׳באַדאַרף נישט ליגן אין דאָרף. ס׳איז פאַראַן אַ פור וועל איך אַוועקפאָרן.

ניסן אַלטער: אָט בלייב דאָ. אפשר וועל איך מיר גאָר אָפּטיילן פון דאַנען וועסטו אַליין בלייבן.

ברוך משה (זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.)

ניסן אַלטער: כ׳ווייס, אַז דיר ווילט זיך נישט אָוועקפּאָרן פון דאַנען.

ברוך משה: ווען יעמאָלט באַהאַלט מען נישט מיינע זאַכן וואָלט איך שוין דאָ לאַנג נישט געווען.

ניסן אַלטער: דו ווייסט ווער ס׳האָט באַהאַלטן דיינע זאַכן?

ברוך משה: זעלדע מסתמא.

ניסן אַלטער: דאָס האָט לאה דאָבע געטאָן.

ברוך משה: כ׳ווייס דו ביסט אויף מיר ברוגז געווען, ווען ס׳מאַכט זיך נישט ראש השנה וואָלט איך...

ניסן אַלטער: כ׳ווייס, אַז דו וועסט נישט אָוועקפּאָרן.

ברוך משה: איך וויל דיר אין וועג אַריין נישט קריכן.

ניסן אַלטער: וואָס מיינסטו?

ברוך משה: איך וויל חתונה האָבן מיט לאה דאָבען. זי געפעלט מיר בעסער. כ׳וועל וויסן אַז כ׳האָב אַ ווייב אין שטוב, נישט קיין טייוול.

ניסן אַלטער: דו קענסט מיט לאה דאָבען נישט חתונה האָבן.

ברוך משה: וואָס, זי וועט מיר נישט וועלן?

ניסן אַלטער: איך נעם לאה דאָבען.

ברוך משה: דו נעמסט זי נישט.

ניסן אַלטער: איך האָב שוין היינט גערעדט מיט נחמן בערן.

ברוך משה: איך זאָג, אַז דו נעמסט זי נישט.

ניסן אַלטער: וואָס הייסט, דו זאָגסט? קענסט מיר פאַרווערן?

ברוך משה: אַוודאי פאַרווערן.

ניסן אַלטער: נעם זעלדען.

ברוך משה: איך בין דיר מוחל. דו האָסט דאָך געקראַפּירט נאָך איר.

ניסן אַלטער: איצטער נעם איך לאה דאָבען.

ברוך משה: כ׳מיין, אַז דו לאַכסט.

ניסן אַלטער: איך לאַך גאָר נישט. שוין אַן אָפּגעמאַכטע זאַך.

ברוך משה: האָסט גערעדט מיט איר?

ניסן אַלטער: כ׳האָב גערעדט מיט נחמן בערן.

ברוך משה: איז נאָך גאָרנישט! איך גיי רעדן מיט איר.

(גייט אַרויס.)

ניסן אַלטער: וואַרט אַ ביסל, איך וועל דיר זאָגן.

זעלדע (קומט אַן פאַרוויינט.)

ניסן אַלטער: וואָס האָט עפּעס זעלדע געוויינט?

זעלדע (ענטפערט נישט. זעצט זיך אַנידער אויפן האָרנע און ווישט די טרערן.)

ניסן אַלטער: וואָס וויינסטו?

זעלדע: אַ נאַר בין איך געווען וואָס כ׳האָב גאָר אַפילו גערעדט צו אייך.

ניסן אַלטער: דו ביסט נישט געווען.

זעלדע: כ׳ווייס, ווייל איך בין נישט געווען איז דעריבער...

ניסן אַלטער: כ׳האָב מיר אַרומגעזען אַז לאה דאָבע איז טאַקע אַן עלטערע.

זעלדע: וואָס האָב איך צו רעדן.

ניסן אַלטער: זי איז דאָך דיינע אַ שוועסטער, וואָס איז דער חילוק?

זעלדע (ווישט די טרערן.)

ניסן אַלטער: מיינסט אפשר, אַז לאה דאָבע האָט עפּעס גע־רעדט, אַדרבא נאָך היינט האָט זי געזאָגט, אַז זי בענקט נאָך דיר.

זעלדע: וואָס האָסטו גערעדט מיט איר?

ניסן אַלטער: איך האָב מיטן טאַטן גערעדט. ביסט דאָך געלאָפן איר דערציילן?

זעלדע: וואָס האָב איך איר צו דערציילן? כ׳האָב געמיינט דו לאַכסט.

ניסן אַלטער: פון וואַנען ווייסטו איצטער, אַז כ׳האָב עס נישט געמיינט אויף אַ געלעכטער?

לאה דאָבע (קומט אָן): זעלדע, קום אין שטוב, וועסטו עפּעס עסן.

(זי קושט זי.) וואָס וויינסטו? וואָס וויינט זי, ניסן אַלטער?

ניסן אַלטער: איך ווייס נישט וואָס זי וויינט.

לאה דאָבע: איר האָט זיך ביידע געקריגט?

ניסן אַלטער: זי האָט אייך גאָרנישט געזאָגט?

לאה דאָבע: וואָס האָט זי מיר געהאַט צו זאָגן? ברוך משה פאָרט אַוועק.

ניסן אַלטער: ער פאָרט טאַקע?

לאה דאָבע: ער זאָגט, אַז ער פאָרט אַוועק מיט דעם יידן. עס ציט אים אין שטאָט אַריין.

ניסן אַלטער: ער האָט צו אייך נישט גערעדט איצטער?

לאה דאָבע: וואָס האָט ער געהאַט צו רעדן מיט מיר.

ניסן אַלטער: איך בין אים אַ בעלן צו גיין זען.

(גייט אַרויס.)

לאה דאָבע: וואָס וויינסטו?

זעלדע: דו האָסט מיר אומישנע איינגערעדט, איך זאָל דאָרטן בלייבן און דו האָסט דאָ אויף מיר אָנגערעדט.

לאה דאָבע: ווער האָט עס דיר געזאָגט?

זעלדע: איך פאַרשטיי אַליין.

לאה דאָבע: זע וואָס פאַר אַ שלעכטס דו ביסט. האָסט קיין מורא נישט אַפילו פאַר יום־כּיפּור.

זעלדע: וואָס האָסטו מיר אָנגערעדט, איך זאָל דאָרט בלייבן? מיינסט, איך פאַרשטיי גאָרנישט. כ׳ווייס, איך בין דיר געלעגן אויפן קאָפּ.

לאה דאָבע: מאָרגן איז ערב־יום־כּיפּור און דו זינדיקסט אַזוי.

זעלדע: דו באַדאַרפסט נישט אָפּרעדן ניסן אַלטערן פון מיר. ניסן אַלטער איז מיין חתן, דו ווייסט?!

לאה דאָבע: וואָס שרייסטו אויף מיר. זאָל איך צער האָבן אויב איך האָב גערעדט אַ וואָרט צו אים. איך האָב נאָך היינט דיך געלויבט פאַר אים, ווען כ׳האָב אים אַריינגעטראָגן געבראָטענע קאַרטאָפל אין קוזשניע אַריין.

זעלדע: אַט זעסטו שוין, וואָס האָסטו אים צו טראָגן קאַרטאָפל אין קוזשניע אַריין?

לאה דאָבע: וואָס, איך טאָר נישט?

זעלדע: דו טאָרסט נישט! וועסט עס טאָן נאָך אַמאָל, וועל איך דיר די אויגן אויסדראַפּען.

לאה דאָבע: כ׳האָב גאָרנישט געוואוסט אַז דו ביסט אַזוי פאַר־קאָכט אין ניסן אַלטערן.

זעלדע: אַזוי, זי האָט נישט געוואוסט, האָט מיר אָנגערעדט, איך זאָל דאָרט בלייבן...

(ווײנט אויפן הויכן קול.)

לאה דאָבע: שאַ, וויין נישט אַזוי הויך, מען קען נאָך דערהערן.

שמואל שמחה און דער ייד (קומען אַריין.)

דער ייד: כ׳האָב מחזורים זייער וואָלוול, פאַר שפּאָט־אומזיסט.

שמואל שמחה: קום נאָר אַהער, זעלדע, קענסט לייענען די אותיות?

דער ייד: פאַר די מיידלעך קויפט מחזורים. וועלן דאָך מסתמא חתונה האָבן. איר קענט דאַוונען? כ׳האָב פאַר אייך אַ סידור מיט עברי־טייטש.

נחמן בער (קומט אַריין מיט שפּאַקולן אויפן נאָז, טראָגט אַ סידור.)

לאה דאָבע און זעלדע (גייען בייזע אַרויס. איינע רעכטס און די אַנדערע לינקס.)

דער ייד: איך זאָג, אַז איר זאָלט קויפן מחזורים פאַר די טעכטער, כ׳וועל אָפּגעבן וואָלוול.

נחמן בער (קוקט אין ספר): די אותיות אַביסל צו קליין.

דער ייד: מיט גרעסערע אותיות קאָסט טייערער.

שמואל שמחה: ווייסט, מיין זון, אַז מיין סידור געפעלט מיר בעסער. מער נישט וואָס פון פאַרנט זענען אויסגעריסן די בלעטלעך.

דער ייד: אַן אתרוג אויב איר ווילט קען איך אייך וואָלוול פאַר־קויפן. אַט וועל איך באַלד אַריינברענגען.

(גייט אַרויס.)

שמואל שמחה: אויב ער זאָל נישט וועלן צו טייער וואָלט איך דיר הייסן, מיין זון, דו זאָלסט נעמען אַן אתרוג. אפשר וועלן די יינגלעך געבן צו שטייער.

ברוך משה און ניסן אַלטער (קומען אַריין.)

שמואל שמחה: אָט זענען זיי, וועלן געבן צו שטייער, וועט מען נעמען אַן אתרוג ביים יידן.

ברוך משה: איך פאָר סיי ווי אַוועק.

נחמן בער: וואוהין פאָרסטו, אין שטאָט אַריין?

ברוך משה: איך פאָר אַוועק מיט דעם יידנס פור.

נחמן בער: מיר פאָרן אַלע דאָך מאָרגן אין שטאָט אַריין.

ניסן אַלטער: ער פאָרט אַוועק אינגאַנצן.

שמואל שמחה: וואָס הייסט? עס פעלט דיר צו עסן?

ברוך משה: סיי ווי פאָר צוויי מענטשן קנאַפּ מלאכה.

נחמן בער: נאָך יום־טוב וועט זיך מאַכן מער מלאכה, און, נאָך אַלעמען, זיי שוין איבער דאָ יום טוב.

דער ייד (קומט אַריין אָנגעלאָדן מיט סידורים, מחזורים און אַ קעסטל וואו ער האַלט אתרוגים): פאַרשפּרייט עפּעס אויף דער ערד.

שמואל שמחה: אָט וועל איך מיין קאַפּטן אויסשפּרייטן, אָט אַזוי...

דער ייד: יונגע לייט, איר קענט געבן צו לייזן.

נחמן בער: אַן אתרוג וועלן מיר נעמען.

ניסן אַלטער: איך גיב צו שטייער. דו וועסט געבן צושטייער, ברוך משה?

ברוך משה: איך ווייס נישט.

דער ייד: נישט טייער, פּאַוואָליע, נעמט עס נישט אַרויס פון די פלאַקס, פּאַוואָליע, ברעכט נישט אָפּ דעם פּיטום... איי, די הענט ביי אייך, יונגערמאַן, איינגעשמירט אין סאַזשע, איר וועט מאַכן שוואַרץ.

ניסן אַלטער: אַן אתרוג איז אַן איידעלע זאַך.

דער ייד: ווערט באַלד שוואַרץ אַז מען האַלט אים אין דער האַנט.

נחמן בער: וואָס וועט עס אָנטרעפן?

דער ייד: מען וועט אויסקומען. און מחזורים נעמט איר?

ניסן אַלטער: ס׳איז שוין באַלד נאָך יום טובים.

דער ייד: און איבער אַ יאָר? יום־כיפּור איז דאָך דער עיקר.

ברוך משה: איר וועט מיך מיטנעמען אויף אייער פור, רב ייד?

דער ייד: פאַרוואָס נישט. אויסשלאָגן דעם האָבער פאַרן פערד. וואוהין פאָרסטו עס?

שמואל שמחה: עט וואָס ער רעדט, בלייב דאָ וועסטו צושטייער געבן אויף אַן אתרוג.

דער ייד: אַ לולב האָב איך אויך נישט טייער.

נחמן בער: אַ לולב האָב איך אַ פאַר־אַ־יאָריקן.

דער ייד: זעט איר, פאַראַיאָרן האָט איר אויך געהאַלטן אַליין אַן אתרוג.

נחמן בער: צייטן געווען בעסערע.

דער ייד: וואָס, קנאַפּלעך מלאכה? גאָט וועט העלפן. וועל איך פאַרדינען ביי אייך שדכנות?

נחמן בער: וואָרעם וואָס?

דער ייד: כ׳זע גאָר, די יונגע־לייט פרעמדע. כ׳האָב געמיינט פריער אַז דאָס זענען אייגענע קינדער — צום סוף גאָר פרעמדע.

ברוך משה: פון וואַנען ווייסט איר, אַז מיר זענען נישט קיין קינדער?

דער ייד: וואָס מיינסטו, כ׳בין אַ נאַר? כ׳הער דאָך אַז ער וויל אוועקפאָרן. קיין מלאכה נישטאָ, זאָגט ער.

שמואל שמחה (מישט אין אַ סידור): אָט איז עס... ביי מיר אין סידור איז עס אויסגעריסן. (זינגט.) אודה לאל לבב חוקר ברן יחד כוכבי בוקר.

דער ייד: מיר וועלן אייך פאַרקויפן אַ סידור און נישט טייער, כ׳וויל אָבער איצטער פאַרדינען שדכנות.

שמואל שמחה: מהיכא תיתי.

דער ייד: וויפל גיט איר נדן אייערע טעכטער? ווי רופט מען אייך?

נחמן בער: נחמן בער רופט מען מיך.

דער ייד: וויפל גיט איר נדן אייערע טעכטער, רב נחמן בער?

נחמן בער: נדן? ווער האָט עס אויפן דאַרף נדן?

דער ייד: וואָס טויג עס אָן נדן?

ניסן אַלטער: וואו זענען אייערע חתנים?

דער ייד: חתנים? כ׳האָב זיי אין וואָגן. אָט זענען חתנים. כע, כע, כע... כ׳באַדאַרף זיי גיין זוכן?

ברוך משה: איר האָט שוין אַ סך שדוכים אויסגעפירט?

דער ייד: זאָל נאָר רב נחמן בער געבן נדן...

ניסן אַלטער: און ווי איז, אויב דער חתן וויל קיין נדן נישט?

דער ייד: עס שאָדט נישט אַ ביסל נדן; איר ווילט חתונה האָבן, יונגע לייט?

שמואל שמחה: שוין צייט, פאַר זיי חתונה צו האָבן. קענען פאַר־דינען אויף ברויט.

דער ייד: ווי איך בין אַ ייד, איך וועל פאַרדינען שדכנות. רב נחמן בער, וואָס זאָגט איר?

ניסן אַלטער: איר פאַרשפּאָרט אייער טרחה, מיר זענען שוין חתנים.

דער ייד: פון וואַנען, פון וויט? אַ שאָד... נו, האָב איך אַנ־דערע חתנים פאַר אייערע טעכטער. כ׳האָב פון שטאָט אַ וואוילן בחור.

נחמן בער: איך האָב נישט קיין נדן. וואו האָט מען עס היינטיקע צייטן נדן פאַר קינדער.

ניסן אַלטער: אָט דער יונגערמאַן איז נאָך נישט קיין חתן.

דער ייד: און ווער איז דיין כלה?

ניסן אַלטער: וואָס מאַכט עס אייך אויס?

דער ייד: נו, איז דער יונגערמאַן. דו האָסט שוין אויך אַ כלה?

ברוך משה: ווען פאָרט איר, וויל איך וויסן?

דער ייד: כ׳וועל ס׳פערדל אָנפּאַשען און, אַז כ׳בין שוין יאָ ביי אַ שמיד, וועל איך לאָזן די פּאָדקאָוועס איבערשמידן. דאָס האָט מיר

ס׳מידל צוגעזאָגט. כ׳וויל נישט קיין געלט פאַר דעם וואָס כ׳האָב זי געפירט.

ברוך משה: וועל איך גיין איינפּאַקן מיינע זאַכן.

ניסן אַלטער (פאַרשטעלט אים דעם וועג): דו פאָרסט נישט.

ברוך משה: איך פאָר שוין יאָ.

(גייט אַרויס.)

נחמן בער: וואָס איז עס אים אַריין אין קאָפּ פאַר יום טוב אָוועקצופאָרן? גיי, ניסן, רעד מיט אים איבער.

ניסן אַלטער (גייט אַרויס.)

דער ייד: פיינע בחורים, ווי לאָזט איר זיי עס איין? איר האָט טעכטער אין שטוב.

נחמן בער (לאַכט): דאָס מאַכט ער חוזק, ער נעמט מיין טאָכ־טער.

דער ייד: אַזוי, אָן נדן! פּיש פּיש... געקענט פאַרדינען שדכנות. איר האָט שוין געשריבן תנאים?

נחמן בער: נאָך נישט.

דער ייד: קען איך דאָך נאָך האָבן שדכנות.

שמואל שמחה: איך זאָג אייך, מען באַדאַרף דעם בחור נישט אָפּלאָזן.

דער ייד: דאָס איז עס די כּלה, די וואָס ס׳איז מיט מיר גע־פאָרן?

נחמן בער: כ׳מיין אַז ער נעמט די גרעסערע.

דער ייד: אַ שאָד, געקענט פאַרדינען שדכנות.

נחמן בער: איר קענט עס נאָך. די קלענערע...

דער ייד: וואויל ווי די וועלט, איך נעם אים נישט מיט, דעם יונגאַטש. וואו איז ער... ער וויל פאָרן — כ׳נעם אים נישט מיט!

נחמן בער: ווייזט אויס, אים געפעלט נישט מיין שטוב. אפשר איז ער נישט צופרידן מיטן עסן. מיט געוואַלד אַ מענטשן וויל איך נישט האַלטן.

דער ייד: וואָס הייסט, איך לאָז אים נישט אַרויף אויפן פור. ווער וועט אים נעמען מיט זיך?...

לאה דאָבע (קומט אָן): טאַטע, ברוך משה פאָרט אַוועק.

נחמן בער: איך האָב שוין געהערט. רעד דו איבער מיט אים, אפשר וועט ער בלייבן.

לאה דאָבע: זאָל זעלדע מיט אים איבעררעדן.

דער ייד: אַ שאָד וואָס דו ביסט שוין אַ כּלה, כ׳האָב געקענט פאַרדינען שדכנות.

לאה דאָבע (פאַרשעמט): איך בין נישט קיין כּלה.

דער ייד: איז דאָך וואויל ווי די וועלט!

שמואל שמחה: דער ייד קען זיין אַ וואוילער שדכן.

נחמן בער: ניסן אַלטער האָט גערעדט מיט מיר. היינט האָט ער גערעדט מיט מיר. ער וויל, זאָגט ער, זיין מיין איידעם.

דער ייד: אַ פיינער בחור. אַ שאַרפער בחור. דאָס איז דער וואָס וויל אַוועקפאָרן?

נחמן בער: ניין, ס׳איז דער אַנדערער.

דער ייד: אויך אַ שאַרפער בחור. געפעלט מיר אויך.

נחמן בער: וואָס זאָגסטו, מיין קינד. ער האָט גערעדט מיט דיר אויך?

לאה דאָבע (צעטומלט): וועמען מיינסטו?

נחמן בער: איך מיין ניסן אַלטערן.

לאה דאָבע: מסתמא האָסטו נישט גוט געהערט.

נחמן בער: ווייסט, נישט גוט געהערט? ער האָט מיר געזאָגט אַז ער וויל ווערן מיין איידעם.

לאה דאָבע: האָט ער עס געמיינט מיך, פון וואַנען ווייסטו?

דער ייד: הייסט עס, נאָך ביידע נישט קיין כּלות, וואויל ווי די וועלט. לאָזט נאָר מיר, איך וועל עס אַלצדינג קלאָר מאַכן.

שמואל שמחה: אָט לאָז דעם יידן; ער וועט זיך מיט די יינגלעך דורכרעדן.

לאה דאָבע: עס קען דאָך נישט געמאָלט זיין, ער זאָל מיט דיר אַזעלכס רעדן.

דער ייד: וואו זענען זיי, די יונגע לייט?

נחמן בער: וואָס, מיין טאָכטער, ער נעמט דיך ווי דו שטייסט און גייסט. אָן אַ גראָשן נדן.

דער ייד: שווער אַזעלכס אין היינטיקע צייטן. אַבי אַ יינגל — וויל נדן.

לאה דאָבע: איך פאַרשטיי נישט די גאַנצע זאַך... איך וויל, זעלדע זאָל פריער חתונה האָבן. זי איז די עלטערע.

נחמן בער: יאָ, ס'איז טאַקע אמת; אפשר ביסטו גערעכט. (צום יידן) איר פאַרשטייט, זיי זענען בײדע אַ צווילינג. אָבער יענע איז פריער געבוירן געוואָרן. די האָט זיך נאָר אַרויסגעכאַפּט, קיין עין הרע, די גרעסערע. אָבער ער האָט מיט מיר גערעדט היינט.

לאה דאָבע (לויפט אַרויס.)

נחמן בער: וואוהין לויפסטו?

דער ייד: האָט זיך פאַרשעמט. כע כע... קומט אין שטוב אַריין. דאָרטן וועלן מיר זיך מיט זיי דורכשמועסן. אָן איינפאַל אַביסל, ער וויל גאָר אַוועקפאָרן. — ווער וועט אים דען נעמען אויפן פור.

(אַלע גייען אין שטוב.)

זעלדע (לויפט אַריין.)

לאה דאָבע (לויפט איר נאָך): וואוהין אַנטלויפסטו, קום אַהער זאָג איך דיר. איך שווער דיר אויף מיינע נאמנות, אַז אַזוי האָב איך דעם טאַטן אויך געזאָגט.

ניסן אַלטער (קומט אַריין.)

לאה דאָבע: אָט קומט אַהער, ניסן, קומט אַהער, זאָגט איר, וואָס האָב איך מיט אייך גערעדט. אויף מיינע נאמנות, איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן.

זעלדע (פאַרדעקט איר געזיכט, זיצט אויפן האַרנע.)

ניסן אַלטער: דו, זעלדע, קענסט אים זאָגן, ער זאָל נישט אַוועק־פאָרן.

זעלדע: פון מיינעטוועגן קען ער פאָרן.

לאה דאָבע: אָט איז ניסן אַלטער, זאָגט פאַר איר און פאַר מיר אין די אויגן, וואָס האָב איך מיט אייך גערעדט? איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן. וואָס מיינסטו, איך בין אַ נאַר? און אַז איך בין

אפשר דיינע אַ שוועסטער, האָט אַנדערש געמעגט זיין. אָבער איך בין דאָך אַנדערש. מיר וועט זיין אַ פרייד אַז מיין שוועסטער וועט זיין גוט.

זעלדע (אין כעס): ס׳איז נישט אמת, דו זאָגסט אַ ליגן!

ניסן אַלטער: אָט הער זיך איין וואָס איך וועל דיר זאָגן.

זעלדע: ס׳איז נישט אמת, נישט אמת... זי האָט געוואָלט, איך זאָל בלייבן אין שטאָט.

לאה דאָבע: איך בין אַ נאַר וואָס איך רעד אַפילו מיט דיר. איך הער עפּעס וואָס דער טאַטע זאָגט און כ׳פאַרשטיי נישט, כ׳וויס נישט פון וואָס צו זאָגן.

ברוך משה (קומט אַריין): ווער האָט ווידער באַהאַלטן מיינע זאַכן? ווער האָט עס געטאָן?

לאה דאָבע: איך האָב די זאַכן באַהאַלטן.

ברוך משה: פאַרוואָס?

לאה דאָבע: אַזוי. איך וויים נישט פאַרוואָס.

ברוך משה: און איר וועט זיי מיר נישט אָפּגעבן?

לאה דאָבע: ניין. איר האָט נישט וואָס אַוועקצופאָרן פון דאַנען.

ניסן אַלטער: מאָרגן איז ערב יום־כיפור, ס׳איז אַן עוולה וואָס מען קריגט זיך. זעלדע איז אַ שלעכטס, דו הערסט, זעלדע, ביסט אַ שלעכטס.

לאה דאָבע: איך האָב צו איר גאָרנישט. איך בין אויף איר נישט אין כּעס.

ברוך משה: הער זיך איין, ניסן אַלטער, איך וויל, דו זאָלסט מיר אין וועג נישט קריכן.

ניסן אַלטער: נישט איך האָב דיינע זאַכן באַהאַלטן.

ברוך משה: איך מיין נישט מיינע זאַכן. מיינע זאַכן וועל איך געפינען אַז כ׳וועל וועלן.

ניסן אַלטער: וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר ווי אויף אַ שונא. איך בין דיר נישט קיין שונא.

ברוך משה: ניין, ביסט מיר נישט קיין שונא? נו וועלן מיר הערן... לאה דאָבע, מאָרגן איז ערב יום־כיפור, אָט ליגן דאָ הייליקע

ספרים אויף דער ערד... איך זאָג אײַך דעם אמת, איך וויל פון דאַנען נישט אַוועקגיין.

זעלדע (קוקט צעטומלט.)

ניסן אַלטער: נו, זאָג וואָס דו מיינסט!

ברוך משה: כ׳האָב מיר נישט וואָס צו שעמען — דו קריכסט מיר אין וועג אַריין און כ׳זאָג דיר אַז ס׳איז אַן עוולה.

ניסן אַלטער: זאָג וואָס דו מיינסט.

ברוך משה: איך האָב לאה דאָבען געוואָלט און לאה דאָבע האָט מיך אויך געוואָלט, ווייס איך נישט איצטער וואָס דו ווילסט האָבן.

ניסן אַלטער: איך בין אין דעם נישט שולדיק.

ברוך משה: קיינער איז אין דעם נישט שולדיק, נאָר דו אַליין.

ניסן אַלטער (ווייזנדיק צו זעלדען): זי איז שולדיק. איצטער שווייגט זי... איך בין דיר אין וועג אַריין נישט געקראָכן. בלייב זיך דאָ געזונטערהייט. איך פאָר אַוועק היינט. כ׳האָב דאָ נישט וואָס צו טאָן.

לאה דאָבע: גיי, זעלדע, באַהאַלט זיינע זאַכן, גיכער!

ניסן אַלטער: וועל איך אָן די זאַכן אַנטלויפן פון דאַנען, ס׳איז מיר שוין מיאוס געוואָרן אַלץ מיט אַן אַנדער. פאַרדרייט מיר דעם קאָפּ.

ברוך משה: נו, אויב אַזוי וועל איך אַוועקפאָרן. אויב איך קריך דיר אין וועג אַריין, זאָל זיין!

לאה דאָבע: איך ווייס אָן זעלדען גאָרנישט וואָס צו זאָגן. (ווישט די טרערן.)

ניסן אַלטער: איר, לאה דאָבע, זענט געוויס נישט שולדיק. איר האָט ביי זעלדען נישט וואָס צו פרעגן. יעדערער איז ביי זיך אַליין אַ בעל־הבית.

לאה דאָבע (ענטפערט נישט.)

זעלדע: זי האָט ביי מיר נישט וואָס צו פרעגן.

(דער ייד און נאָך אים נחמן בער און דער אַלטער קומען אַן.)

דער ייד: זענען זיך גאָר צעלאָפן די יונגוואַרג. אָט זענען זיי...

צעלויפּט זיך נישט. כ׳וויל שדכנות־געלט פֿאַרדינען. וועלכע, זאָגט איר, איז שוין אַ כּלה? מאָרגן איז ערב יום־כּיפּור; אַ גוטע צייט צו טאָן אַ זאַך מיט אַ ריינעם האַרצן... אַ וואָסערע איז עס די כּלה?

ברוך משה: (באַווייזט אויף לאה דאָבען): זי איז מיין כּלה, שעם זיך נישט, לאה דאָבע.

נחמן בער: הייסט עס גאָר...

דער ייד: ידו פֿאַרסט דאַך אַוועק, דו שייגעץ איינער!

ברוך משה: איך פֿאָר נישט.

שמואל שמחה: וואוהין וועט ער דען פֿאָרן?

נחמן בער: איך האָב, הייסט עס, געהאַט אַ טעות. ער האָט היינט מיט מיר גערעדט. ניסן אַלטער, וועמען האָסטו געמיינט, די גרע־סערע אָדער די עלטערע?

ניסן אַלטער: איך האָב געמיינט די עלטערע.

נחמן בער: הייסט עס גאָר זעלדען... הייסט עס גאָר, איך האָב אַ טעות געהאַט. כאַ־כאַ־כאַ...

דער ייד: ווייסטו אויך, אַז דער ייד האָט נישט קיין נדן?

ניסן אַלטער: איך ווייס בעסער פֿון אייך.

שמואל שמחה: נאָך יום טוב וועט מען שיקן נאָך זייערע טאַ־טעס... אַן איינפֿאַל...

דער ייד: מאָרגן איז דאַך ערב יום כּיפּור, איר ווייסט עס. איר ט׳עס געדענקען — יונגאַטשעס?

ניסן אַלטער: כ׳האָב עס שוין פֿאַר ראש השנה געוואוסט.

לאה דאָבע (גייט צו זעלדען, נעמט זי אַרום און קושט זי.)

נחמן בער: העלפֿט מיר אויסקלייבן אַ שיינעם אתרוג. כ׳באַדאַרף היינטיקס יאָר נישט קיין שותּפֿים.

(אַלע זעצן זיך אַרום קעסטל אתרוגים, קלייבן.)

שמואל שמחה (זינגט): אודה לאל לבב חוקר ברן יחד כּו־כבי בו־קר.

## פערזאָנען:

נאָטע, אַ קברן.

קריינע, זיין ווייב.

צירל, זייער טאָכטער.

טודרוס, נאָטעס פאָטער.

חיים הערש, האָט אין שכנות אַ ווינט־מיל.

קרייסל, זיין ווייב.

נח, } זייערע קינדער.
חיה, }

דאָבע.

כאַצקל.

# ערשטער אַקט

אָנהייב פרילינג. פרימאָרגן. אויף אַ בית־עולם. די זון, העל און וואַרעם, האָט זיך שוין אַרויסגעהויבן אויפן הימל. אַ גלייכער פּלאַץ אָן קברים. די גראָז גרינט שוין. רעכטס אין הינטערגרונט צוויי הייזער. טיפער ברייט זיך אויס דער בית־עולם, די קברים טיילווייז פון דער זון באַלויכטן. אַן אַלטער הילצערנער צוים רינגלט דעם בית־עולם אַרום.

**טודרוס** (אַ גאַנץ אַלטער מאַן, הויך געוואַקסן, אָבער דער רוקן שוין געבויגן. ער קומט אָן פון צווישן די קברים גייענדיק הינטערריקס. ער רעדט דאָרט צו עמיצען אין דער זייט): **געזען אַמאָל, אַ ציג זאָל האָלט האָבן נאָר צווישן די קברים אומצוקריכן. ביי נאַכט האָסטו גע־מעגט און איצטער טאָר מען נישט. מענטשן וועלן אָנקומען; באַ־דאַרפסטו נישט זיין צווישן די קברים.**

**נח** (באַווייזט זיך פון אַנדערן זייט צוים, שרייט אַריבער): **גוט מאָרגן, רב טודרוס!**

**טודרוס: ווער איז עס? נח? קום אַריבער. וואָס שטייסטו דאָרטן?**

**נח: איך בין אויסגעשמירט אין מעל, די מתים קענען זיך פאַר מיר דערשרעקן.**

**טודרוס: כע, כע... די מתים ווי די מתים — די ציג קענסטו טאַקע דערשרעקן.**

**נח: און איר פירט זיך נאָך אַלץ אַרום מיט דער ציג?**

**טודרוס: אַ פּיקחת; קלוג ווי אַ מענטש. זעסט ווי זי באַלעקט זיך. דאָרטן צווישן די קברים, זאָגט זי, איז די גראָז געשמאַקער. נו, קום אַריבער, האָסט קיין צייט נישט? שפּרינג אַריבער! אָט אַזוי...**

נח (שפרינגט אַריבער איבערן צוים.)

טודרוס: אַז מען איז יונג באַדאַרף מען נישט קיין טיר און נישט קיין טויער... כע־כע, ביסט פאַרמעליקט.

נח: נאָך היינטיקע נאַכט מיט אַן אויג נישט צוגעטאָן.

טודרוס: געהערט: דער ווינט געריסן אַ גאַנצע נאַכט. דער ווינט געווען פון מזרח־צפון. ס'האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קלאַפּן פון מיל.

נח: נישט קיין גלייכער ווינט געווען. כ'האָב נישט געקענט מיט אַן אויג צוטאָן. כאַפּט דער ווינט פון מזרח־צפון — רייסן שדים: הייב אויף דעם שטיין, לאָז צו דעם שטיין — פאַרקויפט ווי אַ הונט צו אַלדי שוואַרץ יאָר.

טודרוס: ווער איז איצטער אין מיל?

נח: דער טאַטע איז שוין אויפגעשטאַנען.

טודרוס: איך וואָלט געווען אַ בעלן צוצוגיין צום מיל.

נח: איר באַדאַרפט עפּעס האָבן?

טודרוס: כ'האָב געוואָלט זען דעם טאַטן דיינעם... איבער־רעדן מכּות אַן ענין.

נח: איי, האָבן נעכטן די ווייבער געוויינט אויפן בית־עולם. מען האָט אַזש ביי אונדז אין מיל געהערט.

טודרוס: האָב זיי אַ גוט יאָר, די ווייבער. האָבן נישט קיין דאגות, קלאָגן זיי. כ'וואָלט זאָגן אייגענע — קומען אַן פרעמדע ווייבער און צעלאָזן זיך אויפן געוויין.

נח: וויפל לוויות נעכטן געווען?

טודרוס: צוויי... אייגענע ווייבער קלאָגן אויס די אויגן אין דער היים; אויפן בית עולם שווייגן זיי שוין; נאָר אַז עס טוט אַ קלונג דער ערשטער רידל ערד אויף די ברעטער— טוט עס ווי מיט אַ מע־סער אַ שטאָך: טוען נאָך אַנדערע, וויינער אַ ביסל...

נח: ווי לאַנג וואוינט איר שוין דאָ?

(ער זעצט זיך לעבן אַלטן אויף אַ באַנק, וואָס לעבן צוים.)

טודרוס: זיבן און דרייסיק יאָר. מיין נאָטע איז נאָך יעמאָלט געווען אַזאַ שנעק ווי דו. אייער מיל איז נאָך יעמאָלט דאָ נישט גע־

שטאַנען. כע, כע, איך געדענק, אַז דיין מאַמע קרייסל האָט דיך נאָך אויף די הענט געדזשוויגעט.

נח: די מיל איז שוין אַלט. מען האָט זי שוין געמעגט איבער־שיטן. אַז ס'איז אַ שטאַרקער ווינט האָב איך מורא צו לאָזן די פליגל אויף אַלע פלאַכטעס.

טודרוס: זי קרעכצט, האַ?

נח: אַ־אַ, קרעכצט זי, די מיל! ווי אַ לעבעדיקער מענטש!

טודרוס: אַ מאָל איז געווען כּשוף אין די ווינט־מילן.

נח: דער טאַטע דערציילט, אַז ביי זיין זיידן האָט מען מיט כּשוף די שטיינער פון מיל אַרויסגעפירט.

טודרוס: אַן אַלטע מעשׂה. אַליין מיט מיינע אויגן געזען. אַ מיל געלעגן איבערגעקערט און די שטיינער, איינער לעבן אַנדערן, זיך פאַר־קייקלט אַזש הינטערן באַרג.

נח: אַזוי! שווערע שטיינער געווען?

טודרוס: באַדאַרפט האָבן פיר פּאָר אָקסן יעדן שטיין צוריק אַרויפצושלעפּן.

נח: איינס לעבן אַנדערן געלעגן?

טודרוס: ביידע פון מיל זיך אַרויסגעקייקלט.

נח: דאָס איז געווען אָפּגעטאָן?

טודרוס: אָפּגעטאָן! ווי דען? ס'איז געווען אַ דייטשס אַרבעט. האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין דער געגנט מיט אַ האַק און אַ זעג אויפן פּלייצע — אַרבעט געזוכט אין די מילן — מען האָט אים נישט גע־וואָלט אַריינלאָזן: געווען אַ גנב — האָט ער אַ שפּיצל אָפּגעטאָן.

נח: און מען האָט אים נישט צעפּלעט דעם קאָפּ?

טודרוס: ווער וועט זיך גיין מיט אים אָנהייבן!

נח (גענעצנדיק): אָ, אָ, ווען עס טרעפט אויף מיר וואָלט איך אים געמאַכט פּאַר אויס דייטש... עס שלעפערט!

טודרוס: שוין געדאַוונט?

נח: כ'בין ערשט איצטער פון מיל אַרויס...

טודרוס: דאַוון אָפּ, בייס איבער און לייג זיך צו. ס'איז גוט,

אַז מען וואַקסט אונטער און מען העלפֿט אַ טאַטן. ביסט אַ כוואַט, כע, כע... צירל זאָל עס וויסן, אַז דו ביסט דאָ.

נח (פֿאַרשעמט): וואָס באַדאַרף זי עפּעס וויסן?

טודרוס: כע־כע — מיר פֿאַרשטייען זיך אויף טשוועקעס; מיר פֿאַרשטייען זיך אויף אַ בר־מינן און מיר פֿאַרשטייען זיך, אַז ביי אַ פֿערדל בייטן זיך די ציינער.

נח: זי שלאָפֿט נאָך?

טודרוס: אָט אַזוי פֿרעג. זי שלאָפֿט נאָך.

נח: ווי מיינט איר, דער ווינט וועט נאָך לאַנג אָנהאַלטן?

טודרוס: קען זיך שטעלן קעגן נאַכט. ס׳וועט ווערן וואַרעמער.

נח: היינטיקע נאַכט נאָך געווען גוט קאַלט.

טודרוס: האָסט אַ פּעלץ?

נח: ווי דען? ס׳איז אָבער היינטיקע נאַכט וואַרעם געווען אָן אַ פּעלץ. ס׳האָט מיר נישט געלאָזט אויף אַ מינוט רוען.

טודרוס: דאָס איז גוט.

(עס הערט זיך אויפֿן בית־עולם אַ פֿרויען־שטימע, זינגט מעלאַנ־כאָליש, טרויעריק.)

נח: ווער זינגט עס?

טודרוס: אָבער נישט צו מאַכן מיט איר! ווידער געקומען!

נח: ווער איז עס?

טודרוס: מסתּמא דאָבע. ווידער דאָ גענעכטיקט. האָט זיך פֿון מיר אויסבאַהאַלטן.

נח: אויפֿן בית עולם גענעכטיקט?

טודרוס: האָט זיך איינגענאַדזשעט צווישן די קינדערשע קברימלעך, אַ געלעגער זיך געמאַכט. איר גליק וואָס נאָטע איז איצטער נישטאָ.

נח: וואָס אַרט אים, אַז זי שלאָפֿט דאָ?

טודרוס: פֿון די מתים איז גענוג אויסצושטיין, באַדאַרף מען נאָך האָבן לעבעדיקע?!

נח: האָט דאָרט אַלע פֿינף קינדער אירע.

**טודרוס:** איז משוגע געוואָרן, ווען דאָס פּיפּטע איז אַוועק־געשטאָרבן. איצטער זאָגט זי, אַז דאָ איז איר היים.

**דאָבע** (אין די מיטעלע יאָרן. אויף איר געזיכט אַ פאַרגליווערטע באַגייסטערונג וואָס פאַרשווינדט ניט. זי קומט אָן.)

**טודרוס** (מיט אַ געמאַכטער בייזקייט): כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, זאָלסט אַהער מער נישט גיין. וואַרט, נאָטע וועט אַרויסקומען!

**דאָבע:** ווער וועט אַכטונג געבן אויף מיינע קינדער, אַז איך וועל ניט קומען?

**טודרוס:** האָסט גערעדט מיט זיי?

**דאָבע:** איך האָב גערעדט מיט זיי.

**נח:** קום צו אונדז, וועט די מאַמע דיר געבן צו עסן.

**דאָבע:** איך האָב דען נישט קיין היים?

**טודרוס:** פאַרוואָס גייסטו נישט אַהיים?

**דאָבע:** דאָ איז מיין היים. עס וועט ווערן וואַרעמער, וועל איך מיינע קינדערלעך אָפּדעקן און אויף דער גאַס אַרויספירן.

**טודרוס:** אויף איר קען מען גלייבן; וועט נאָך ביינאַכט אויפ־גראָבן די קברים... הער נאָר דו, טראַכטסט עס נישט אַ מאָל צו טאָן? מען וועט דיר דיינע ביינער צעברעכן. וואָס מען האָט דער ערד אַוועק־געגעבן, נעמט מען נישט צוריק.

**דאָבע** (שווייגט ווי פאַרשטיינערט און די טרערן פאַלן פון אירע אויגן.)

**נח:** זי וויינט.

**טודרוס:** ווער געזונט, זיי אַ מענטש, וועסטו אַנדערע קינדער האָבן.

**דאָבע** (שווייגנדיק גייט זי אַוועק פון וואַנען זי איז געקומען.)

**טודרוס** (שרייט איר נאָך): היט זיך, וואָרעם נאָטע וועט באַלד אויפשטיין; ער וועט דיר ווייזן וואו דער טויער איז.

**נאָטע** (קומט אַרויס, טראָגט אַ לאָם און אַ רידל): גוט מאָרגן. דאָבע איז שוין ווידער דאָ?

**נח:** זי איז דאָ נאָר וואָס געוועזן.

**נאָטע:** נישט צו פאַרטרייבן זי פון דאַנען. אַ וואַרעמער טאָג, וואָס?

נח: שוין אַ פיינער גראָז פאַראַן. מען קען שוין דעם פערד אַרויסלאָזן.

נאָטע: און די ערד איז נאָך אַלץ געפרוירן אין דער טיף. קענסט נאָך אַן דעם לאָם נישט אויסקומען.

נח: איר לייגט נאָך פייער די ערד צו דערוואַרעמען?

נאָטע: ס׳איז אין גאַנצן ביי אַ דריי פינגער די גרעב. שוין קיין דאגה נישט. וואָלט נאָר עמיצער העלפן. נעכטן צוויי קברים געגראָבן און היינט ווידער צוויי שוין זיכערע און אפשר וועט נאָך אַ דריטער צוקומען; מען רייסט זיך די געדערים אַרויס... וואָס טוט דער טאַטע?

נח: איז אין מיל.

נאָטע: זאָג אים, אַז ער איז אַ גרויסער גאַרנישט.

נח: פאַרוואָס?

נאָטע: ער ווייס שוין פאַרוואָס.

טודרוס: זאָג אים גאַרנישט.

נאָטע: דו, טאַטע, מיש זיך נישט! וועט ער נישט פאָלגן מיט גוטן, וועט ער ברענען ווי אַ ליכט, וועט מען אונטערציינדן.

נח: אַז מען האָט נישט געצונדן ביז איצטער —

נאָטע: וועט מען צינדן שפּעטער.

נח: איר אַליין וועט עס מאַכן?

נאָטע: ס׳איז שוין קיינעמס דאגה נישט ווער סוועט צינדן. ווען איך וואָלט דערלאָזן, האָט נאָך פאַר צען יאָרן געקענט זיין אַ באַרג אַש אויף דעם אָרט וואו דיין טאַטנס מיל שטייט. מעגסט עס אים זאָגן.

נח: איך... ס׳איז נישט מיינע דאגות.

נאָטע: קום, טאַטע, וועסטו מיר העלפן דאָרט אַ שטיין אַראָפּ־קאַטשען. ס׳ליגט דאָרטן אַ באַרג שטיינער, געפעלט רב חיים יונהן דווקא אונטער זיי זיין טאַטן באַגראָבן. און דו רייס זיך די געדערים אַרויס פון אַלדי שוואַרץ יאָר. קום טאַטע!

(גייט אַוועק אויפן בית־עולם.)

טודרוס: האָב קיין מורא נישט. מען צינדט נאָך נישט. נאָר דיין טאַטע איז אַ נאַר.

נח: ער וויל נישט, נאָך אַ מיל זאָל זיין אין שכנות.

טודרוס: ווען נישט איך וואָלט ער דאָ יעמאָלט, נאָך זיין חתונה, קיין מיל נישט געהאַט. ס׳איז נישט פאַר זיינע כּוחות געוועזן.

נח: דער טאַטע וויל אַליין נאָך אַ מיל שטעלן.

טודרוס: איז עס זיינע אַ זאַך. (עס הערט זיך נאָטעס רופן): „טאַטע!" באַלד קום איך. איך גיי שוין.

צירל (קומט אַרויס.)

טודרוס: אָט איז צירל, זאָג איר גאָר נישט.

צירל: וואָס וועט איר נישט זאָגן צירלען?

טודרוס (אַוועקגייענדיק): ס׳איז נישט קיינעמס דאגה.

צירל: זאָג מיר, נח, וואָס האָט ער געמיינט?

נח: אַזוי פרי ביסטו אויפגעשטאַנען!

צירל: פון וואָס האָט איר גערעדט?

נח (וויל זי אַרומנעמען): קום, וועל איך דיר אויסשמירן אין מעל.

צירל: אַז דו וועסט מיר דערציילן, וועל איך זיך לאָזן.

נח: וועסטו?

צירל: איך ווייס אַליין פון וואָס איר האָט דאָ גערעדט.

נח: דיין טאַטע זאָגט, אַז ער וועט אונדז אונטערצינדן.

צירל: ס׳אַ ליגן!

נח: ער האָט אַליין געזאָגט.

צירל: קיינער האָט עס נישט געהערט.

נח: איך אַליין האָב געהערט. ער האָט עס מיר אַליין געהייסן זאָגן דעם טאַטן.

צירל: אויך אַ ליגן.

נח: אַ ליגן איז אַ ליגן.

צירל: מיין טאַטע וויל אַרויסציען פון בית־עולם. ער וויל נישט זיין מער קיין קברן. איך ווי אויך, אַז מיר זאָלן נישט וואוינען מער אויפן בית־עולם.

נח: און דו וועסט ווערן אַ פּריצה. יעמאָלט וועט דיך כאַצקל נעמען פאַר אַ כּלה.

צירל: אויב דו ביסט געקומען אַזוי באַגינען מיר עס צו זאָגן, האָסטו געמעגט זיצן אין דער היים.

נח: איך בין נישט צו דיר געקומען. ס׳איז אַ שיינער פרי־מאָרגן, בין איך געקומען.

צירל (אין אַ ווײַלע אַרום): שלאָפסט נישט ביינאַכט. זעסטו אויס ווי אַ טייוול.

נח: האָסט געמעגט קומען אַ ביסל צו מיר אין מיל אַרײַן ביינאַכט.

צירל: איך בין געווען. ביסט געשלאָפן אויף אַ זאַק מעל.

נח: ס׳אַ ליגן!

צירל: איך בין אויף די טרעפּלעך געווען. כ׳האָב אין מיל אַרײַנגעקוקט.

נח: האָסט דאָך מורא אַליין צו גיין ביינאַכט.

צירל: איך האָב שוין גאָר נישט קיין מורא. דו ביסט געזעסן אויף אַ זאַק מעל אָנגעשפּאַרט.

נח: איך בין געווען אין אַ פעלץ אָדער אָן אַ פעלץ?

צירל: איך געדענק נישט. דו ביסט געשלאָפן.

נח: געווען איז געווען.

צירל: איך האָב דיך געוואָלט איבערשרעקן, נאָר מען האָט מיך נישט געלאָזט.

נח: ווער האָט דיך נישט געלאָזט?

צירל: נאָך אַ מענטש מיט מיר געווען?

נח: כאַצקל?

צירל: איך ווייס נישט.

נח: זאָגסט אַ ליגן.

צירל: ביסט אַליין אַ ליגנער. איך האָב פאַר דיר קיין מורא נישט. איך האָב דיך פיינט מיט דיין טאַטן אינאיינעם.

נח: איך בין נישט צו דיר געקומען. מיין נישט, אַז איך בין דאָס אַזוי באַגינען צו דיר געקומען צו לויפן.

צירל: און מיר אַרט נישט, אַז דו ביסט יאָ צו מיר געקומען.

ביסט אפשר געקומען צום זיידן? אָדער — זאָגן דער ציג „גוט מאָרגן?"

נח: איך בין געקומען צום זיידן. איך האָב אים פון וויטן געזען אַרומגייענדיק אויפן בית עולם.

צירל: איז גאָר נישט.

נח (ברוגזדיק): איך וועל זיך גיין לייגן שלאָפן, וועל איך בעסער מאַכן.

צירל: קענסט מיר נישט פאַרווערן פיינט צו האָבן דיין טאַטן. דיין מאַמען האָב איך ליב, נאָר דיין טאַטן קען איך נישט אָנזען.

נח: און איך האָב פיינט דיך מיט דיין טאַטן אינאיינעם.

(וויל אַוועקגיין.)

צירל: זע נאָר, ווי ער איז ברוגז געוואָרן. על וויל עס נאָך זיין מיין חתן.

נח (בלייבט שטיין, דאָס געזיכט פון איר אָפּגעקערט.)

צירל: ווילסט דאָך גיין אַהיים שלאָפן — קענסט זיך גיין.

נח: אַז איך וועל נאָך אַמאָל הערן פון דיין טאַטן, אַז אונדזער מיל וועט מיטן פייער אַוועקגיין, וועל איך אים מיט אַ שטיין דעם קאָפּ צעשפּאַלטן.

צירל: גיי ברענג מיר אַרויס פון שטוב אַ קריגל, וועל איך די ציג אויסמעלקן.

נח: איך גיי נישט צו אייך אין שטוב אַריין. אַז כאַצקל וועט נאָך אַ מאָל קומען צו אונדז אין מיל אַריין, וועל איך אים פון אַלע טרעפּ אַראָפּוואַרפן.

צירל: ער איז שטאַרקער פון דיר.

נח: זאָל ער נאָך וואַרטן אַ ביסל.

צירל: ער האָט מיר נעכטן דערציילט, אַז אין וואַלד האָט זיך איבערגעקערט אַ וואָגן מיט האָלץ, האָט ער אים אַליין אויפגעהויבן.

נח: זאָל ער זיך באַרימען.

צירל: ער איז שענער פון דיר אויך.

נח: האָט אַ פּאַרריסענע נאָז.

צירל: מיר געפעלט ער בעסער.

נח: נו, האָב חתונה מיט אים.

צירל: איך האָב דאָך דיר געבעטן דו זאָלסט מיר אַרויסברענגען אַ קריגל פון שטוב.

נח: מיט כאַצקלען וועסטו זיך שאַפן, נישט מיט מיר.

צירל: אַז דיין טאַטע וועט דיר אויפשטעלן אַ ווינט־מיל, יעמאָלט וועל איך דיך נעמען פאַר אַ חתן.

נח: כאַצקל, מיינסטו, איז עס אַזאַ גרויסער לייט?

צירל: ער איז מער לייט פון דיר.

נח: אַלץ באַרימעריי. אָבער דו מיין נאָר נישט, אַז צו דיר קום איך עס. איך האָב דיך אַפילו גאָר קיין מאָל נישט ליב געהאַט. וואָלגערסט זיך דאָ אום אויפן בית־עולם. די ציג פאַשעט זיך אויפן בית־עולם און דו טרינקסט די מילך אירע. אין דיר וועט זיך נאָך אַ גלגול אַריינכאַפּן. אַז דו ביסט גוט, אַרט עס מיר נישט. נאָר אַז דו הייבסט אָן מאַכן דיינע שטיק, האָב איך דיך פיינט.

צירל: וואָס זאָגסטו, די ציג?

נח: איך זאָג וואָס איך ווייס. דער אַלטער האָט היינט אויך געפאַשעט די ציג צווישן די קברים. אַז אין דיר וועט זיך אַריינכאַפּן אַ גלגול, וועלן אַלע מענטשן פון דיר אַנטלויפן. מען וועט דיך אַרייגזעצן אין אַ פאַס, פון אַלע זייטן וועט מען איר פאַרשלאָגן און מען וועט דיך לאָזן קייקלען אין דער פאַס באַרג אַראָפּ ביז די פאַס וועט צעבראָכן ווערן; דו וועסט אַרויספאַלן און דער גלגול וועט אַנטלויפן.

(לאַכט.)

צירל: הער אויף: איך גיס דיר באַלד אָפּ מיט וואַסער. ווילסט אויף מיר אַ שרעק אַרויפוואַרפן? אויב דיר געפעלט נישט, וואָס מיר וואוינען אויפן בית־עולם, טאָ זאָל אונדז דיין טאַטע לאָזן קויפן דאָ אַ פלאַץ און אַ מיל אויפשטעלן.

נח: דער טאַטע וויל נישט אָנווערן זיין ברויט.

צירל: דו ביסט אַזוי גוט ווי דיין טאַטע.

נח: און דו ביסט אַזוי גוט ווי דיין טאַטע.

צירל: גיי זיך אַוועק פון דאַנען און קום נישט מער אַהער.

נח: אַז איך בין נישט צו דיר געקומען.

צירל: גיי אַוועק פון דאַנען!

נח (וויל אַוועקגיין.)

צירל (ווייכער): קום צו מיר, נח.

נח: וואָס ווילסטו?

צירל: קום צו מיר נעענטער אַ ביסל. מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט מורא פאַר מיר.

נח: אפשר האָב איך מורא.

צירל: קום צו מיר. גוט האָסטו געטאָן, וואָס דו ביסט געקומען. זאָג, אַז ס'איז אַ ליגן.

נח: וואָס?

צירל: אַז אין מיר קען אַריין אַ גלגול דערפאַר וואָס איך וואוין אויפן בית־עולם.

נח: איך ווייס נישט.

צירל: און אַז איך וועל כאַצקלען פיינט האָבן, וועסטו שוין זיין צופרידן?

נח: פון מיינעטוועגן קענסטו אים ליב האָבן. מיר אַרט עס נישט. דו שפּילסט זיך מיט מיר ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז, און איך וויל נישט דו זאָלסט זיך מיט מיר שפּילן.

צירל (אויפגעבראַכט): זאָגסט אַ ליגן. גיי זיך פון דאַנען. קום נישט מער צו מיר. ווען דו וואָלסט מיר טאַקע אין אמתן ליב האָבן, וואָלסטו מיך נישט אַזוי איבערגעשראָקן.

(כאַפּט אַ שטעקן און טרייבט אַוועק די ציג.)

נח: וואָס איז די ציג שולדיק?

צירל: רעד נישט מער צו מיר. שטיי נישט דאָ. גיי זיך אַהיים.

נח: אַז דו טרייבסט מיך, גיי איך נישט.

צירל (פּלוצלונג): איך האָב דיר פיינט!

(פאַרדעקט דאָס געזיכט און לויפט אַריין אין שטוב.)

נח (קוקט איר נאָך אַ ווײַלע. ער קלעטערט אַריבער דעם צוים און פאַרשווינדט.)

צירל (קומט אַרויס, ווי זי וואָלט וועלן אויסמיידן נחן. זעענדיק אַז ער איז ניטאָ, ווערט זי ערנסט, איילט צום צוים, רופט „נחן! נחן!" קיינער ענטפערט נישט. זיווישט די טרערן.)

דאָבע (קומט, שטעלט זיך אַנטקעגן צירלען. קוקט זי אָן): **מיין יענטעלע איז שוין באַלד אַזוי גרויס ווי דו.**

צירל (בייז): **יענטעלע איז געשטאָרבן.**

דאָבע (אומשולדיק): **געשטאָרבן?**

צירל: **דער טאַטע האָט זי אַליין באַגראָבן.**

דאָבע: **באַגראָבן?**

צירל: **זי וועט שוין קיינמאָל נישט זיין אַזוי גרויס ווי איך.**

דאָבע: **קיין מאָל נישט?**

צירל: **וואָס איז דאָרט?**

דאָבע: **מיין קינד.**

צירל: **דאָס איז אַ ציג. דיינע קינדער זענען דאָרט... דאָרט, וואו די קברים זענען.**

דאָבע: **דאָרט זענען מיינע קינדער?**

צירל: **יאָ, גיי אויך אַהין. דאָרט זענען אַלע דיינע קינדער.**

דאָבע: **דאָרט זענען אַלע מיינע קינדער.**

(גייט אַוועק.)

צירל (רופט): **מאַמע! מאַמע!**

קריינע (קומט אַרויס פון שטוב): **וואָס דאַרפסטו מיך האָבן?**

צירל: **ווען וועלן מיר אַרויסציען פון בית־עולם?**

קריינע: **וואָס פאַלט עס דיר איין?**

צירל: **אַזוי. פאַר גאָר נישט.**

קריינע: **האָסט שוין געמאָלקן די ציג?**

צירל: **איך וויל זי מער נישט מעלקן.**

קריינע: **אַ שגעון פאַרדרייט?**

(קלייבט שיטלעך האָלץ וואָס ליגן ביים צוים.)

צירל: **פאַרוואָס וויל דער טאַטע אונטערצינדן חיים הערשן?**

קריינע: זאָלסט עס מיר מער פון דיין מויל נישט אַרויסרעדן. דו!

צירל: דער טאַטע האָט געזאָגט.

קריינע: נחן וועל איך פון שטוב אַרויסטרייבן.

צירל: ער וועט אַליין אַהער נישט קומען.

(זי וויינט.)

קריינע: אויף אַ פולן פּרימאָרגן וועסטו מיר דאָ... גיי ברענג דעם קריגל אַרויס.

צירל (גייט צום שטוב.)

קריינע (קוקט איר נאָך, וואַרפט ס׳האַלץ אַראָפּ): קום צוריק. קום נאָר אַהער.

צירל: וואָס ווילסטו פון מיר?

קריינע: זע, וואָס איז מיט דיר היינט?

צירל (שווייגט.)

קריינע (טאַפּט איר דעם קאָפּ): ביסט נישט געזונט, חלילה?

צירל: איך ווייס נישט.

קריינע (בלאָזט איר אָפּ דריי מאָל און שפּייט אויס): קיין בייז זאָל נישט זיין. האָסט אַ ביסל היץ. קום אין שטוב אַריין. מען וועט באַדאַרפן אַן עין־הרע אָפּשפּרעכן.

(זיי גייען ביידע אין שטוב אַריין. עס הערט זיך פון וויטן דאָבעס געזאַנג.)

# צווייטער אַקט

**ביי חיים הערשן דעם מילנער. דער אייגענער פרימאָרגן. אַ ווייס געקאַלכט שטיבל. קליינע פענצטער דורך וועלכע עס זעט זיך דאָס פעלד. צייטנווייז הערט זיך דאָס קלאַפּן אין מיל, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון שטוב.**

קרייסל (ראַמט אויף אין שטוב.)

חיים הערש (קומט אָן מיט אַן עמער וואַסער.)

חיה (העלפט טראָגן דעם העמער): **לאָז מיר, טאַטע, איך וועל אַליין קענען אַריינטראָגן.**

חיים הערש: **לאָז נאָר, ווילסט זיך די געדערעם איינרייסן.**

חיה: **אָבער, אַז איך וועל קענען אַליין אויפהייבן.**

חיים הערש: **גיי שוין, זאָג איך דיר.** (צו קרייסלען.) **און דו האָסט נישט מער וואָס צו טאָן. שיקסט זי אַליין צום ברונעם. ס'פעלט מער נישט זי זאָל נאָך אַריינפאַלן אין ברונעם אַריין.**

קרייסל: **איך האָב זי געשיקט? איך האָב איר געהייסן נאָר דעם עמער אַרויסטראָגן און דו זאָלסט וואַסער אָנשעפּן.** (צו חיהן.) **איך וועל דיר געבן, אַז דו וועסט מיר אַליין קריכן צום ברונעם!**

חיים הערש: **ווען איך קום נישט אָן וואָלט זי שוין אין וואַסער געלעגן, האָט זיך אין גאַנצן אַריבערגעבויגן איבערן ברונעם.**

חיה: **ס'איר מיר דען צום ערשטן מאָל?**

קרייסל: **אַז קיינער בעט עס נישט ביי דיר. אַזאַ טיפּעניש. אַז איך קוק אַריין אין ברונעם פאַרדרייט זיך מיר אַזש דער קאָפּ.**

חיה: **אַז איך קוק אַריין אין ברונעם זע איך דאָרט מיין פּנים.**

וואַרף איך אַריין אַ שטיינדל ווערט מיין קאָפּ צעבראָכן און באַלד ווערט ער ווידער גאַנץ.

חיים הערש: הערסט ווי דיין טאַכטער רעדט? וועסט שוין האָבן פון איר נחת.

קרייסל: וואָס ווילסטו פון אַ קינד?

חיה: איך בין שוין אַלט צוועלף יאָר. באַשר איך בין איינע האַלט מען מיר ציטריק. אַלע גייען שוין באָרוועס און איך מוז נאָך שלעפּן די שיך. איך וויל נישט. לאָז מיר אויסטאָן די שיך. ס׳איז שוין אַזוי וואַרעם.

(זעצט זיך אויף דער ערד און וויל אויסטאָן די שיך.)

קרייסל: וואָס נאָך עפּעס?

חיים הערש: קלייב נחת פון דיין טאָכטער.

קרייסל: מען קען טאַקע מיינען, אַז איך צעלאָז זי.

(דאָס קלאַפּן פון מיל ווערט שטאַרקער.)

חיים הערש: אויף אַ מינוט קען מען די מיל נישט לאָזן אַליין.

(גייט אַרויס.)

קרייסל (צו חיהן): איך וועל דיר געבן, אַז דו וועסט מיר אַליין גיין צום ברונעם וואַסער שעפּן. איך האָב נאָר נישט געוואָלט רעדן פאַרן טאַטן אין די אויגן. ער וואָלט דיך דיין לייב צעפּאַסעוועט.

חיה: איך וויל נישט זיין ציטריק. איך בין שוין צוועלף יאָר אַלט.

קרייסל: איך וועל דיר באַלד געבן אַ „ציטריק״. ווילסט זיך אָנמאַכן אַ צרה און שפּעטער זאָל עס צו מיין קאָפּ אויסגיין?

חיה: כ׳וועל זיך נישט אָנמאַכן קיין צרה.

קרייסל: מיינסט, איך זע נישט, אַז דו קריכסט אונטער די פליגל ווען די מיל גייט? וויפל פעלט, פון מויל טאָר מען עס נישט אַרויסלאָזן, איין טשעפּ — און ס׳איז שוין נאָך דיר.

חיה: אַז איך גיי נישט צו די פליגל.

קרייסל: וואָס האָסטו צו גיין אַליין אין מיל אַריין?!

חיה: קיינער וועט מיר נישט כאַפּן.

קרייסל: וואָס פאַר אַ גוט יאָר טראָגט דיר צום בית עולם?

ס'איז דאָך אַ בית עולם, פון מויל טאָר מען נישט אַרויסרעדן.

חיה: ווער 'עט מיר כאַפּן?

קרייסל: דאָרט ליגן דאָך טויטע.

חיה: און אַז נאָטע וואוינט דאָרט?

קרייסל: נאָטע? נאָטע מוז דאָרט וואוינען.

חיה: און צירל?

קרייסל: צירל? צירל איז זיין טאָכטער. דאָרט איז איר היים.

חיה: פאַרוואָס האָט זי קיין מורא נישט?

קרייסל: קום, איך וועל דיר פאַרפלעכטן די האָר. שטענדיק גייסטו אַרום ווי אַ מכשפה.

(זעצט זיך אַנידער. קעמט חיהן די האָר.)

חיה: וואָס איז אַ מכשפה, מאַמע?

קרייסל: אַ מכשפה — מען טאָר עס פון מויל נישט אַרויסלאָזן.

חיה: פאַרוואָס האָבן זיי קיין מורא נישט צו וואוינען דאָרטן?

קרייסל: מענטשן, אַז זיי שטאַרבן מוז מען זיי באַגראָבן.

חיה: און זיי גייען קיין מאָל ניט אַרויס פון דער ערד?

קרייסל: ניין.

חיה: טאָ, פאַרוואָס זאָל איך פאַר זיי מורא האָבן?

קרייסל: הער שוין אויף.

חיה: און נאָטען קומען זיי קיין מאָל נישט שטיקן?

קרייסל: וועסט אפשר שווייגן, צי ניין?

חיה: צירל וואַקסט אויפן בית־עולם און גאָר נישט.

קרייסל: צירל, האָב איך דאָך דיר געזאָגט, איז זייערע אַ טאָכטער; מאַכט נישט אויס.

חיה: פאַרוואָס גייט אַהין נח?

קרייסל: האָב אים אַ גוט יאָר. וואו איז ער איצטער, האָסט אים נישט געזען?

חיה: איך האָב געזען ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען צום בית־עולם.

קרייסל: מער פעלט נאָך נישט.

חיה: ער גייט צו צירלען.

קרייסל: שווייג, דו נאַר!

חיה: טאַקע, ער גייט צו צירלען.

קרייסל: עס פעלט מיר נאָך מער נישט, דער טאַטע זאָל עס הערן.

חיה: דער טאַטע האָט אים געזען.

קרייסל: דער טאַטע האָט אים נישט געזען. וואָרעם ער וואָלט אים שוין געגעבן, אַז ער זאָל האָבן צו געדענקען.

חיה: פאַרוואָס לאָזט אים דער טאַטע נישט גיין אַהין?

קרייסל: ווייל זיי ווילן צונעמען ביי אונדז דעם ביסן ברויט.

חיה: פאַרוואָס ווילן זיי צונעמען?

קרייסל (שטויסט זי אָפּ פון זיך): גיי, טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!

חיה: מען טאָר שוין נישט פרעגן?

(נעמט אַ שער און שערט אויס שפּיצן פון פּאַפּיר.)

חיים הערש (קומט אַריין): וואו איז נח?

קרייסל: ער איז דען נישטאָ אין מיל?

חיים הערש: ער שלאָפט נישט?

חיה: ער איז אויפן בית־עולם.

קרייסל (שלאָגט זי איבער די הענט): מען פרעגט נישט ביי דיר.

חיים הערש: אַזוי גאָר — דיר געפעלט עס? דיין זון.

קרייסל: וואָס ווילסטו האָבן פון מיר?

חיים הערש: צו ווען דען זאָל איך רעדן?! דו ווייסט, אַז ער גייט אַהין און דו לאָזט אים? און דו זאָגסט עס מיר גאָר נישט?

קרייסל: וואָס זאָל איך טאָן?

חיים הערש: מיר זאָגט מען און איך וועל אים זיינע באַקן צעפּאַטשן.

קרייסל: בייס זיך פריער אָפּ די צונג, דו אַלטער נאַר.

חיים הערש: איך זאָג דיר, אַז ער וועט שוין אַהין מער נישט גיין.

קרייסל: אַז דאָס קינד וויל גיין קענסטו אים נישט פאַרווערן.

חיים הערש: און איך זאָג דיר, אַז עס וועט אים שוין זיין דאָס לעצטע מאָל!

קרייסל: שאַ, שריי נאָר נישט אַזוי; דאָס קינד שרעקט זיך.

חיים הערש: איך האָרעווע, איך צי מיר די אָדערן און דו וועסט לאָזן דיין זון גיין צו מיינע שונאים!

קרייסל: איך שיק אים נישט אַהין.

חיים הערש: ווייסט, אַז ער וויל אונדז אונטערצינדן? ער האָט שוין מענטשן געדונגען.

קרייסל: דו גלייב נאָר נישט אַזעלכע מעשיות.

חיים הערש: מען וועט נאָך דעם פערד פון שטאַל אַרויסנעמען.

קרייסל: קיינער וועט נישט נעמען.

חיים הערש (צו חיהן): און דו גייסט אויך אַהין, דו חצופה?!

(רייסט מיט כעס די שער אַרויס.)

חיה (וויינט): איך גיי נישט אַהין.

קרייסל: וואָס ווילסטו פון קינד? האָט זיך צעשריען און נישט ווייסנדיק פאַרוואָס.

חיים הערש: איך ווייס שוין פאַרוואָס איך שריי. עס וועט אים, זאָגט ער, זיין קאָפּ ליגן אין דער ערד און ער וועט מיר אויפשטעלן אַ ווינט־מיל אונטער דער נאָז.

קרייסל: ער שטעלט נאָך נישט.

חיים הערש: ווייסט זייער אַ סך; האָט שוין אַ פּלאַץ געקויפט לעבן אונדז.

קרייסל: מיינע שונאים!

חיים הערש: אַזוי... זיך דערשראָקן. מען וועט מיט דער טאָרבע אַוועקגיין.

קרייסל: און זי גייט עס נאָך אַהער. מיט הייסע וואַסער וועל איך זי אָפּגיסן.

חיים הערש: שוין לאַנג באַדאַרפט עס טאָן. אָבער אַזוי וועט עס נישט אָפּגיין, בלוט וועט זיך גיסן, אַז מען וועט אָנהייבן געהילץ צופירן.

קרייסל: זאָג מיר, כ׳בעט דיר, פון וואַנען וויסטו, אַז ער האָט דעם פּלאַץ געקויפט?

חיים הערש: וואו איז דער זון? (צו חיהן) האָסט נישט געזען וואו נח איז?

חיה: איך ווייס נישט.

חיים הערש: זאָג מיר, קרייסל, גייט ער אפשר צו זיין טאָכטער? זאָג מיר, וואָס שווייגסטו?

קרייסל: וואָס ביסטו היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט?

חיים הערש: ענטפערסט נישט, באַדאַרף מען נישט. איך וועל אים שוין מיט דער בייטש ברענגען צו טרייבן אַהיים.

(ער זוכט אַ בייטש.)

קרייסל: משוגענער, וואוהין גייסטו? לאָז אים נישט, מיין קינד, נישט אַנדערש ער איז משוגע געוואָרן.

חיים הערש: אָבער ס׳איז דאָך נישט אויסצוהאַלטן. ווייב און קינדער זאָלן זיין קעגן אַן אייגענעם טאַטן; קינדער זאָלן וועלן, אַז דער טאַטע זאָל אַ בעטלער ווערן. זיין גילק, וואָס איך מוז גיין אין מיל אַריין.

(גייט אַרויס.)

חיה (קוקט אין פענצטער): ער איז אין מיל אַוועק.

קרייסל (שלאָגט זי): ווער האָט דיר געבעטן דערציילן, אַז ער איז געגאַנגען צו נאָטען? ווער האָט דיר געבעטן, פרעג איך דיר....

חיה: וואָס ווילט איר פון מיר? איך וויל אַליין אויך גיין אַהין. איך בין מיט זיי נישט ברוגז. צירל האָט מיך גערופן צו זיי.

קרייסל: האָסט געהערט וואָס דער טאַטע האָט דערציילט? זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונדז. זיי ווילן אונדז אומגליקלעך מאַכן. זאָלסט צו זיי מער נישט גיין. נח וועט שוין אויך צו זיי מער נישט גיין, איך וועל אים זאָגן.

נח (קומט אַריין.)

קרייסל: גוט מאָרגן, מיין קינד, וואו ביסטו געוועזן?

נח: איך האָב געוואָלט דעם שלאָף אַ ביסל פאַרטרייבן.

קרייסל (דערלאַנגט איִם אַ גלאָז טיי): בייס עפּעס איבער און לייג זיך צו.

נח: דער טאָג איז נאָך גרויס.

קרייסל: דער טאַטע איז זייער אין כּעס.

נח: אויף וועמען?

קרייסל: ער איז אין כּעס וואָס נאָטע וויל פון אונדז דאָס שטיקל ברויט צונעמען.

נח: טאָ וואָס בין איך שולדיק?

קרייסל: איך ווייס, אַז דו ביסט נישט שולדיק. חיה זאָגט, אַז דו ביסט היינט געגאַנגען אַהין.

נח: חיה זאָגט?

חיה: איך האָב טאַקע געזען.

נח: נו, איך בין געווען. איך גיי אַהין — אָבער וואָס האָט איינס צום אַנדערן?

קרייסל: יאָ, טאַקע וואָס האָט עס איינס צום אַנדערן? צירל איז אין איר טאַטן נישט געראָטן.

נח (צעטומלט): וואָס האָט עס מיט צירלען צו טאָן?

קרייסל: איך זאָג דאָך גאָר נישט.

חיים הערש (קומט אַריין): אָט איז דער שיינער זון, אַ גרויס נחת טוסטו מיר אָן.

נח: איך בין אפשר נישט געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אין מיל?

חיים הערש: מוחל!

נח: ביסט מיר מוחל — איז נישט. ווילסט אפשר, אַז איך זאָל זיך פאַרדינגען צו אַ פרעמדן?

חיים הערש: וואָס עפּעס, זיך פאַרדינגען צו אַ פרעמדן? וועסט אויפשטעלן דאָ אַ מיל אין איינעם מיטן קברן; דעם טאַטן, חיים הערשן, מיט דער מאַמען, קרייסל, וועט איר באַגראָבן — און דערנאָך חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער.

נח: בעסער רעד עס נישט.

חיים הערש: וועסט מיר, אפשר, הייסן שווייגן?!

נח: מאַמע, וואָס וויל ער פון מיר האָבן?

חיים הערש: נו, מאַמע, זאָג וואָס מען וויל פון אים האָבן?

קרייסל: איך ווייס טאַקע נישט וואָס דו ווילסט האָבן פון קינד.

חיים הערש: דיין קינד — נישט מיינס.

קרייסל: דיין קינד, מיין קינד... האָט זיך נעבעך אָנגעהאָרעוועט אַזאַ נאַכט — וואָס ביסטו צו אים צוגעשטאַנען?

נח: איך הער וואָס איר רעדט און איך פאַרשטיי קיין איין וואָרט נישט. איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן.

חיים הערש (וויל אים שלאָגן): ווילסט שוין באַלד פאַרשטיין.

קרייסל (באַשיצט נחן): ער איז משוגע געוואָרן, נישט אַנדערש.

נח: לאָז אים, זאָל ער שלאָגן. (בייגט איין דעם קאָפּ צום פאָטער.) נאַ, שלאָג אויב דו ווילסט. כ'וועל דיר צוריק נישט אָפּגעבן.

חיים הערש (טרעט אָפּ. וויל אַרויסגיין, נאָר פלוצלונג ווענדט ער זיך צו נחן): זאָג מיר קלאָרע ווערטער, ביסט היינט געווען אויפן בית־עולם?

נח: כ'בין געווען.

קרייסל: ענטפער אים נישט, מיין קינד.

נח: איך האָב נישט מורא צו זאָגן דעם אמת. איך בין דאָרט נעכטן געווען, איך בין היינט געווען און כ'וועל מאָרגן אויך אַהין גיין.

חיים הערש: איך וועל דיר דיינע פיס צעברעכן.

נח: וועל איך אויך גיין.

חיים הערש: זיין מויד האָט דיר דעם קאָפּ פאַרדרייט?

נח (שווייגט.)

חיים הערש (ער זעצט זיך נעענטער צו נחן): נו שוין, איך בין נישט אין כעס, איך וועל מיט דיר רעדן געלאַסן.

קרייסל: גיי פון אים, מיין קינד, ס'וועט שוין קיין גוטס נישט אַרויסקומען. רבונו של עולם, וואָס וויל מען האָבן פון מיין לעבן? אַ טאָג רו זאָל עס זיין.

חיים הערש: קענסט זיצן רואיק. איך בין נישט אין כעס. זאָג

מיר מיט גוטן, מיט שכל: ווער איז דיין טאַטע? דיין מאַמע? ווער ביסטו? און זאָג מיר ווער איז נאָטע דער קברן, זיין טאָכטער און איר מאַמע?

נח: וואָס גייען זיי מיר אָן?

חיים הערש: זיי גייען דיר גאָר נישט אָן? שווער זיך.

נח: זיי גייען מיר גאָר נישט אָן.

חיים הערש: און זייער טאָכטער? איך פרעג דאָך עפּעס ביי דיר.

קרייסל (שפּעט איבער): זיין טאָכטער, זיין טאָכטער — ס'איז נישט דיין דאגה.

חיים הערש: ווילסט איך זאָל מיר מתחתן זיין מיטן קברן?

נח (שווייגט.)

חיים הערש: דו ווייסט, אַז ער האָט שוין דעם פּלאַץ הינטערן מיל אָפּגעקויפט און וועט דאָרט גראָבן אַ קבר פאַר אונדז אַלעמען?

נח: ער האָט נאָך נישט געקויפט.

קרייסל: וואָס אַן אמת איז אַן אמת.

חיים הערש: דו וועסט חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער און מענטשן וועלן מיט די פינגער טייטן: חיים הערש און נאָטע — מחותּנים... שיינע מחותּנים.

נח: ער וועט קיין מיל נישט בויען.

חיים הערש: ווער האָט עס דיר געזאָגט? ער דינגט שוין אין אַ דאָרף אַן אַלטע מיל. און ער וויל זי אַהער איבערפירן.

נח: ווער האָט עס דערציילט?

קרייסל (ווישט די טרערן): געוויס, מיין קינד, ווילן זיי אונדז אומגליקלעך מאַכן.

חיים הערש: הייסט עס אַזוי, מיין קינד. צונויפגערעדט זיך דעם טאַטן אומגליקלעך צו מאַכן... ער ווייסט גאָר נישט. גלייך ווי מען וואָלט אים גאָרנישט דערציילט. ווער ווייסט, אפשר האָט איר שוין ביידע שותּפות געמאַכט. וואָס דען גייסטו אַהין? קענסט מיר אפשר זאָגן ווען מען וועט אַהער דאָס געהילץ איבערפירן?... וואָס קוקסטו מיך אָן? דו פאַרשטייסט נישט וואָס מען רעדט צו דיר?

נח: איר פאַרדרייט מיר אַ קאָפּ. איך וועל אים גיין פרעגן.

(וויל גיין.)

חיים הערש: אין שטוב זאָלסטו מיר זיצן! כ'וועל שוין אַליין מיין שטעטל באַשטיין.

נח: אָבער ס'קען דאָך נישט געמאָלט זיין. ער וועט דאָך נישט בויען קיין מיל. מיר האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט נאָר אַ שטוב בויען, ווייל ער וויל נישט האָבן זיין דירה אויפן בית־עולם.

קריינדל (דורך טרערן): ס'איז אַ ליגן. זיי לייקענען פאַר דיר, מיין קינד.

נח: וויל איך זיי פרעגן.

חיים הערש: האָסט זיי נישט וואָס צו פרעגן! דיין פוס זאָל אַהין מער נישט קומען. — הערסט וואָס מען זאָגט צו דיר?!

נח: אַ גאַנצע נאַכט געהאָרעוועט און איצטער נאָ דיר אַ פריי־מאָרגן...

חיים הערש: מוחל דיינע טובות. איך קען ביי נאַכט אַליין זיצן אין מיל.

חיה: איך טאָר אויך אַהין נישט גיין?

קריינדל: גיי, מען פרעגט נישט ביי דיר. ווילסט דער טאַטע זאָל נעמען די בייטש?

חיים הערש: ווילסט דער טאַטע זאָל נעמען די בייטש... הלוואי וואָלט איך טאָג און טאָג געקאַטעוועט מיין בן־יחיד וואָלט איך איצטער צו אַזאַ חרפה נישט געקומען.

(רייסט אַרויס דעם מעסער ביי חיהלען, זי שניצט עפּעס, און שלאָגט איר אָן איבער די הענט.)

נח: קאָנסט נאָך איצטער אויך קאַטעווען. האָסט נאָך נישט פאַר־שפּעטיקט... נאָר מעגסט זיין זיכער אַז איך וועל בעסער נישט ווערן, איך בין דיין זון. ווילסט איך זאָל זיין בעסער פון דיר?

חיים הערש (קוקט אים אָן פאַרוואונדערט, נעמט זיך פאַרן פּאָס...)

נח: וואָס ווילסטו פון מיר האָבן? וואָס פאַר אַ חרפות האָב איך דיר אָנגעטאָן? וואָס כאַפּסטו זיך מיר שלאָגן? איך בין שוין באַלד צוואַנציק יאָר אַלט.

קרייסל: ער איז דען נישט גערעכט? ביי לייטן אַ קינד איז אַ צירונג אין שטוב, און דו ווייסט נישט פון דיין קאָפּ צו זאָגן.

נח: איך וויל נישט זיין קיין צירונג און איך וויל נישט זיין קיין הונט אין שטוב. איך וויל דיך נישט באַגראָבן. ווען איך וואָלט וויסן אַז נאָטע וויל דאָ אַ מיל בויען וואָלט מיין פוס אַהין נישט געקומען. אָבער מיר אַרט עס נישט. זאָל ער נאָר אַראָפּפירן אַהער דאָס געהילץ וועל איך עס מיט סמאָלע אָפּגיסן און אונטערצינדן.

חיים הערש: און אַז ער וועט נישט בויען קיין מיל, הייסט עס, וועט זיין טאָכטער זיין מיין שנור?! זאָג מיר...

קריינע (קומט אַן גאָר אומדערוואַרט): גוט מאָרגן.

קרייסל (מיט פריינטלעכקייט ווי צווישן זיי וואָלט גאָר נישט געווען): גוט מאָרגן, גוט יאָר. אַזאַ גאַסט, אַזוי פרי.

קריינע (מערקט דאָך, אַז אין שטוב הערשט אַן אויפרעגונג): אַזאַ שיינער פרימאָרגן היינט. ביי אייך די מיל קיין עין־הרע געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט.

קרייסל (צו חיים הערשן): מיר דאַכט אַז די שטיינער גייען ליידיק.

נח (וויל אַרויסגיין.)

חיים הערש: איך גיי אַליין!

(גייט אַרויס.)

קריינע: איך בין געקומען צו אייך, קרייסל לעבן, דאָס קינד איז מיר עפּעס נישט מיט אַלעמען.

קרייסל: וואָס איז איר פאַר אַ גוטס?

קריינע: איז אויפגעשטאַנען ווי די ליכטיקע זון און איצטער דאַכט זיך מיר אַז זי האָט היץ.

קרייסל: באַדאַרפט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע.

קריינע (שמייכלט צו נחן): כ'ווייס מיינט איר? נח איז היינט געווען ביי אונדז. האָט איר אפשר עפּעס געזאָגט אַזעלכס. טאַטעס זע־נען נישט קיין מאַמעס. די טאַטעס אַרט נישט פאַר זייערע קינדער.

קרייסל (ווישט די אויגן): דאָס זאָג איך דאָך שטענדיק.

קריינע: זי האָט זיך נישט געקלאָגט, חלילה פאַר דיר, נח, אַז זי איז עפּעס נישט מיט אַלעמען?

נח: איך?...

קריינע (קוקט אין פענצטער): איך האָב מורא פאַר חיים הערשן. ס׳קלאַפּט מיר אין האַרצן ווי מיט אַ האַמער.

קרייסל: איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר אים, קריינעשו.

קריינע: גלייבט מיר, אַז ס׳איז נישט מיין שולד, עס שרעקט מיר דאָס האַרץ פאַר מיין קינד, חלילה עפּעס אויף איר איז שוין אַ סוף צו מיין לעבן. (קוקט אָן ווערטער צו נחן. פּלוצלונג צו חיהן.) קום אַ ביסל צו אונדז וועט צירלען זיין פריילעכער.

קרייסל: דער גוטער יאָר ווייסט, וואָס איך זאָל אייך זאָגן, קריינע, מיר האָבן זיך קיין מאָל נישט געקריגט. און, מישטיינס געזאָגט, פאַר וואָס זאָלן מיר זיך קריגן? נאָר איך האָב עס מורא פון מיין מויל אַרויסצורעדן. מיין האַרץ טוט מיר ווי. איר האָט בעסער נישט באַ־דאַרפט קומען אַהער. כ׳האָב שוין היינט געהאַט אַ פינצטערן פרי־מאָרגן. איך וואָלט וועלן אַלץ גוט מאַכן... איך ווייס נישט צי עס וועט העלפן.

קריינע: איך קען אַוועקגיין. איך וויל נישט אַז ס׳זאָל קומען צו אַ מחלוקת. עס שרעקט מיר מיין האַרץ פאַר מיין קינד.

קרייסל: וואָס איז איר דען אַזעלכס?

קריינע: איך זע אין איר חלילה אַזוי קיין בייז נישט. נאָר איין אויג אין קאָפּ... איך וואָלט וועלן, קרייסל, אַז איר זאָלט צו מיר אַריבערגיין. נחן האָב איך מורא צו פרעגן — אפשר ווייסט ער עפּעס.

קרייסל: איר האָט זיך אפשר ביידע צעווערטלט?

נח (שווייגט.)

קריינע: כאַפּט זיך אַריבער צו מיר, קרייסל, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין — איך וויל איר זאָלט זיך דורכרעדן מיט מיין מאַן. מיר פאַלגט ער נישט. (וויינט) אַזאַ פינצטערן מזל האָט מען, כ׳וואָלט כאָטש וועלן, אַז מיין קינד זאָל די ליכטיקע וועלט האָבן. גאָטעניו, פאַר וואָס קומט עס מיר?

קרייסל (וויינענדיק): אייער נאָטע האָט זיך אָנגעזעצט אונדז אומ־גליקלעך צו מאַכן.

קריינע: וואָס קען איך מאַכן מיט אים? רעד איך — ענטפערט

ער נישט. איך?... מיר איז גוט אַזוי אויך. איך באַדאַרף נישט האָבן קיין נייע גליקן. מער נישט ס'איז מיר שוין מיאוס געוואָרן זיצן אויפן בית־עולם. ס'ווילט זיך שוין אויך זיין מיט מענטשן צוגלייך. און טאַקע צוליב מיין קינד.

קרייסל: איך וועל אפשר בײַנאַכט צו אייך אַריבערקומען. איצטער קען איך נישט. כ'וויל נישט חיים הערש זאָל עס זען, ס'איז מיר שוין געגנוג פּינצטער געוועזן היינט. (באַווייזט אויף נחן.) ער האָט שוין היינט אויך זיין חלק געהאַט.

קריינע: אָבער קיין בייז זאָל נישט זיין.

נאָטע (מיט אַ רידל אין האַנט באַווייזט זיך אין דער אָפענער טיר): הייסט עס דאָ ביסטו גאָר?

קריינע (פאַרלירט זיך): איך גיי שוין אַ היים.

קרייסל: קומט אַריין, וואָס שטייט איר אין טיר?

נאָטע: כ'האָב מיין אייגענע שטוב.

קריינע: גאָט איז מיט דיר, נאָטע!

נאָטע: גאָט איז מיט מיר — און איך וויל נישט, דו זאָלסט אַהער גיין!

קרייסל: איך טראָג חלילה אויף אייך קיין כּעס נישט. איר מעגט אַריינקומען.

קריינע: איך האָב נאָר געוואָלט בעטן אַז קרייסל זאָל אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע דעם קינד.

קרייסל: איך וועל גיין. געוויס וועל איך גיין.

נאָטע: איך באַדאַרף נישט.

קריינע: האָב גאָט אין האַרצן.

נאָטע: איך באַדאַרף נישט. מיין קינד וועט אַזוי אויך געזונט זיין. און דו האָסט דאָ נישט וואָס צו טאָן.

חיים הערש (באַווייזט זיך אין דער אָפענער טיר, קוקט פאַרוואונדערט צו נאָטען, ווי איינער זאָגט „וואָס באַדאַרפן זיי דאָ?" קומט אַריין אין שטוב.)

קריינע (גייט אַרויס און ציט פאַרן אַרבל נאָטען): קום שוין אַ היים.

(ציט אים אָפּ פון טיר.)

חיים הערש (שפּייט אויס): **פאַר אַלדי שוואַרץ יאָר זאָלן זיי גיין! שוין באַצייטנס אַהער מיט אַ רידל געקומען. וואָס האָבן זיי דאָ געוואָלט? געקומען מיט אַ רידל... צו פּרי אַביסל...**

נאָטע (רייסט זיך אין שטוב, ווי צו אַ געשלעג. נאָר קריינע ציט אים אָן ווערטער אַוועק פון טיר.)

# דריטער אַקט

בײַ נאָטען. ניט קײן געװײסטע שטוב. אין הינטערגרונט צװײ פענצטער. רעכטס אַ טיר צו דער גאַס. לינקס אַ טיר אין אַ צװײטן צימער. זומער אָװנט.

נח (קוקט אַרײַן דורכן אָפענעם פענצטער. רופט): **צירל, צירל... האָסט זיך באַהאַלטן? דאָס לעצטע מאָל קום איך אַהער, געדענק, דאָס לעצטע מאָל.**

צירל (באַװײַזט זיך אין טיר לינקס): **בעסער גײ אַװעק פון דאַנען. דער טאַטע װעט באַלד קומען.**

נח: **זײ װיסן אַז דאָס לעצטע מאָל קום איך צו דיר.**

צירל: **איך בין נישט שולדיק.**

נח: **װער דען איז שולדיק?**

צירל: **דער טאַטע װעט קומען; כ'האָב מורא.**

נח: **איך האָב פאַר דײַן טאַטן קײן מורא נישט. איך װעל װאַרטן ביז כאַצקל װעט אַהער קומען.**

צירל: **גלײב מיר אַז איך האָב אים פײַנט, װאָס קען איך העלפן, אַז ער קומט אַהער? ער האָט דעם טאַטן אַנגערעדט ער זאָל בויען אַ מיל, װײל ער װיל מיר זאָלן זיך בײדע קריגן.**

נח: **דעריבער װאַרט איך טאַקע ביז ער װעט קומען.**

צירל: **איך בעט דיר, גײ אַװעק פון דאַנען.**

נח: **איך װיל זען װי דו װעסט רעדן מיט כאַצקלען װען ער װעט אַרײַנקומען.**

צירל: **איך װעל אים זאָגן, אַז דו שטײסט הינטערן פענצטער.**

נח: איך וועל אים זיין קאָפּ צעפּלעטן.

צירל: פון מיינעטוועגן מעגסטו עס טאָן. מיר אַרט עס נישט.

נח: איך גיי אַריין אין שטוב.

(ער וויל אַריין דורכן פענצטער.)

צירל: גיי נישט, גיי נישט!... דער טאַטע וועט דיך דער־הרגענען.

נח (שפּרינגט אַריין): איצטער זאָל דיין טאַטע קומען, מיין טאַטע קומען — איך וועל פון שטוב נישט אַרויסגיין.

צירל: נחל מיין האַרץ, איך בעט דיר, זאָלסט אַרויסגיין. איך האָב דיך ליב ווי דאָס לעבן, ווי מיין האַרץ — איך בעט דיר, גיי אַרויס. איך וועל אפשר שטאַרבן פאַר שרעק... (זי קושט אים.) נח, דו וויינסט? איך בעט דיר, וויין נישט.

(עס דערהערן זיך שטימען רעדן אין דרויסן. ער שפּרינגט אַרויס צוריק דורכן פענצטער.)

צירל (בלייבט זיצן בלאַס, דערשראָקן.)

כאַצקל (קומט אַריין): גוטן אָונט.

צירל: גוטן אָונט.

כאַצקל: וואָס רעדסטו אַזוי שטיל?

צירל (קערט אָפּ דאָס געזיכט פון אים.)

כאַצקל: ווילסט מיט מיר נישט רעדן? איז נישט. ביסט אויף מיר אין כּעס וואָס איך וויל מאַכן דיין טאַטן פאַר אויס קברן? אַז דו זאָלסט מער נישט וואוינען אויפן בית־עולם?

צירל: כ'בין אייך מוחל די טובה.

כאַצקל: וועסט נאָך זען וואָס היינט וועט דאָ זיין.

צירל: וואָס??

כאַצקל: וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? כ'מיין גאָרניט. היינט ביינאַכט און אפשר נאָך באַלד וועט מען דאָס געהילץ ברענגען, די פורן קומען באַלד אָן.

צירל: ס'אָ ליגן!

כאַצקל: איך האָב דאָס גאַנצע געלט אויסגעלייגט. דיין טאַטע

פֿאַרמאָגט גאָר ניט אַזוי פֿיל. און אַז מען וועט באַדאַרפֿן בויען וועל איך אים ווידער העלפֿן.

צירל: איך וויל פֿון דעם נישט וויסן.

כאַצקל: איך וועל פֿאַר אונדז אויך בויען אַ שטוב.

צירל: פֿאַר וועמען?

כאַצקל: פֿאַר צירלען מיט כאַצקלען.

צירל: איך וועל ביז יענער צייט נישט דערלעבן.

כאַצקל: וועסט שוין יאָ דערלעבן.

צירל: וואָס זענט איר געקומען אַהער?! מיין טאַטע איז אויפֿן בית־עולם, גייט זיך צו אים.

קריינע (קומט אַריין.)

כאַצקל: גוטן אָוונט, קריינע.

קריינע: אַ גאַסט; אַ גאַסט.

כאַצקל: מען זעט שוין אפשר די פורן?

קריינע: טאַקע נאָך היינט וועט דאָס געהילץ אָנקומען?

כאַצקל: איך בין אפשר אין צען דערפֿער אויסגעוועזן ביז איך האָב אַזוי פֿיל פֿורן צונויפֿגענומען.

קריינע: מען זאָגט, אַז חיים הערש האָט געדונגען גויים זיי זאָלן נישט לאָזן דאָס געהילץ אַראָפּוואַרפֿן.

כאַצקל: דאָס וועלן מיר שוין זען, און וואָס וועלן מיינע גויים אויף דעם ענטפֿערן?

קריינע: מיט וואָס וועלן מיר עס אייך קענען אָפּדאַנקען?

כאַצקל: איך וועל מיר שוין אַליין דאַנקען. זעט בעסער, אַז צירל זאָל מיט מיר וועלן רעדן. איך רעד צו איר און זי ענטפֿערט מיר ניט.

קריינע: וואָס האָט זי דען צו אייך?

כאַצקל: אפשר לאַכט זי עס נאָר.

צירל (גייט אַרויס אין צווייטן צימער גאַרניט זאָגנדיק.)

כאַצקל: עפּעס איז זי ברוגז אויף מיר. איך דערצייל איר, אַז היינט באַדאַרף אָנקומען דאָס גאַנצע געהילץ, זאָגט זי... כ׳ווייס וואָס זי זאָגט — יאָ, וואו איז נאָטע?

קריינע: ער וועט באַלד מסתמא אַריינקומען.

(הינטערן פענצטער הערט זיך אַ גערויש ווי אַ פור וואָלט אָפּ־גופאָרן.)

כאַצקל (איילט צום פענצטער): עמעצער האָט מיין פערד און וואָגן צוגענומען. טפרולל... טפרולל!

(לויפט אַרויס.)

קריינע (קוקט אין פענצטער.)

צירל (קומט שנעל אַריין דורך דער גאַסטיר.)

קריינע. פון וואַנען קומסטו? ביסט דאָך גאָר אין דער אַנדערער שטוב געווען?

צירל: זאָל ער גיין פון דאַנען!

קריינע: עמעצער האָט זיין פערד און וואָגן צוגענומען.

צירל: דאָס האָב איך דעם פערד פון שטוב אַוועקגעטריבן.

קריינע: ווי פאַלסטו עס אויס צו טאָן, מיין קינד?

צירל: זאָל ער אַהער נישט קומען.

קריינע: ער וויל דאָך אונדז גליקלעך מאַכן. דעם טאַטן מאַכן אויס קברן.

צירל: זאָל ער צו מיר נישט לאַכן. איך האָב אים פיינט. ער זאָגט, אַז איך בין זיין כלה און איך וויל עס נישט הערן פון אים.

קריינע: אַזאַ פיינער מענטש.

צירל: איך וויל אים נישט קענען.

קריינע: דער טאַטע האָט אים שוין צוגעזאָגט.

צירל: האָט ער אים צוגעזאָגט, און איך... וואָס ווילט איר האָבן פון מיר?

קריינע: שריי נאָר נישט אַזוי.

כאַצקל (קומט אַריין): אַן איינפאַל אַ ביסל; עמעצער האָט דעם פערד אָפּגעבונדן און אַוועקגעטריבן פון דאַנען. איך קען שווערן, אַז דאָס איז געווען אַ גנב (קוקט פאַרדעכטיקט צו צירלען.) דו האָסט עס געטאָן?

צירל: יאָ, איך האָב עס געטאָן.

כאַצקל: אַבי איך האָב זיך דערשראָקן.

קריינע: הערט זי נישט וואָס זי רעדט.

צירל (גיפטיק): איך, איך האָב אָפּגעבונדן; איך וויל נישט, אַז אייער פּור זאָל שטיין הינטער אונדזער פענצטער.

כאַצקל: ווילסט זיך מיט מיר קריגן? גוט, איך וועל צו דיר ניט רעדן.

קריינע (צו צירל'ען): וואָס איז טאַקע היינט מיט דיר?

צירל (גייט אַרויס אין צווייטן צימער.)

כאַצקל: דורכן פענצטער האָט זי געמוזט פריער אַרויס אויף דער גאַס. אפשר גייט זי עס ווידער טאָן?

קריינע: דער גוטער יאָר ווייסט וואָס מיט איר איז געוואָרן די לעצטע צייט. איך האָב פון איר קיין מאָל אַזעלכע ווערטער נישט געהערט.

כאַצקל: איך ווייס ווער ס'איז אין דעם שולדיק.

קריינע: וואָס טשעפּעט ער זיך, ווייס איך נישט.

כאַצקל: איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט אים.

צירל (קומט אַריין): מיט וועמען וועט איר זיך אָפּרעכענען?

קריינע: מיין קינד, דער טאַטע זאָל חלילה נישט דערהערן וואָס דאָ קומט פאָר. ער וועט אַזעלכע ווערטער דערהערן...

צירל: איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט. איך ווייס פאַר וואָס ער איז אַזאַ גוטער געוואָרן צו אונדז. אָבער עס וועט קיין מאָל נישט זיין. איך בין נישט קיין קליין קינד.

כאַצקל: מען קען טאַקע מיינען, אַז איך בין איינגעליבט אין אייער טאָכטער. — וואָס זאָגט איר, קריינע?

נאָטע (קומט אַריין פאַרהאָרעוועט): גוטן אָוונט. אַזוי איז מען דעם גאַנצן טאָג פאַריאָגט. דער שוואַרץ־יאָר ווייסט פאַר וואָס און פאַר ווען.

כאַצקל: באַלד קומען אָן די פורן.

נאָטע: אַלץ מיט אַמאָל?

כאַצקל: אַפילו די שטיינער וועלן אויך היינט אָנקומען; צו צוויי פאַר אָקסן שלעפּן יעדן שטיין.

נאָטע: אַ בעלנות געווען. (צופרידן, צו קריינען.) דערלאַנג עפּעס צום טיש, זאָל מען נעמען אין מויל אַריין. און דו, צירל, וואָס זיצסטו עפּעס אַ ברוגזע?

קריינע (דערלאַנגט צום טיש משקה און פֿאַרבייסן): דער קאָפּ טוט איר ווײ.

נאָטע: האָסט נאָך, כאַצקל, מיין משקה נישט געטרונקען. לחיים! גאָט זאָל געבן, אַז אין קורצן זאָל איך פּטור ווערן פון מיין פּרנסה דאָ אויפן בית־עולם.

קריינע: ס'איז שוין טאָקע צייט.

כאַצקל: לחיים, רב נאָטע, זאָל גאָט געבן, אַז אין דער מיל זאָלן זיך רענדלעך מאָלן. די מיל איז אַ מציאה. — אוי... ס'איז שטאַרק.

נאָטע: פֿאַרבייס, פֿאַרבייס: ס'איז אייגענער לעקעך.

קריינע: איר מעגט עס פֿאַרזוכן.

נאָטע: קום אַהער, צירל, נעם עפּעס פון טיש.

צירל: איך וויל נישט.

כאַצקל: זי איז אויף מיר ברוגז.

נאָטע: וועט שלום ווערן. ברענג נאָר אַריין, קריינע, טרוקענע קעז.

קריינע: גיי, צירעלע, וועסט ברענגען פון אַלמער.

צירל: איך וויל נישט גיין.

נאָטע: וואָס איז דאָס?

קריינע: דו נאַרישע מויד, ווער האָט דיר איינגערעדט, אַז מען טאָר נישט טרינקען די מילך פון אונדזער ציג?

נאָטע: וואָס געשען? אַ נייס!

קריינע: וויל נישט טרינקען די מילך פון דער ציג, ווייל זי פּאַ־שעט זיך אויפן בית־עולם.

נאָטע (לאַכט): כ'האָב פֿיינט אַזעלכע איינרעדענישן. איך וואוין שוין דאָ אַ שיין ביסל מיט יאָרן און ס'האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז עמיצער זאָל צוריק פון דער ערד אַרויסקריכן. כאַ־כאַ, וואָס די ערד נעמט צו איז איז פֿאַרפֿאַלן. אַזוי גאָר, מיין טאָכטער, אויסגעוואַקסן אויפן בית־עולם און האָסט מורא פֿאַר מתים.

קריינע: מען טאָר פון מויל נישט אַרויסרעדן. איך ווייס, מיינסטו?

נאָטע: שווייג, דו נאַר... לחיים! דעם ערשטן ברויט וועל איך אין מיין מיל מאָלן פאַר זיך, ווי דו זעסט מיך לעבן. זאָל נאָר גאָט געבן קיין ווינט זאָל נישט פעלן.

טודרוס (קומט אַריין מיט אַ רידל): אַ גוטער אָוונט.

קריינע: שטענדיק שלעפּט איר די רידליעס אין שטוב אַריין.

טודרוס: מען קען זיי נאָך צוגנבענען.

כאַצקל: קומט, טודרוס, לאָמיר אויסטרינקען לחיים.

טודרוס: וואָס קען עס שאַדן? אַ שיינע נאַכט היינט... טאָמער, נאָטע, וואָלסטו איבערשמועסן זיי זאָלן געבן צושטייער דעם צוים צו פאַרריכטן. ס'איז קיין פלאַן נישט אַזוי, אַלע טאָג דעם פאַרקן רק לאַטען. אַ שטאָט זאָל זיין אַזוי קאַרג... לחיים, זאָל גאָט געבן... מען האָט באַדאַרפט מיט זיי איבעררעדן.

נאָטע: האָב זיי... לחיים!... נישט לאַנג וועט נאָך אויסקומען צו עסקן זיך מיט מתים.

קריינע: ווער ווייסט אויב ס'וועט זיין בעסער?

נאָטע: ס'וועט שוין זיין בעסער — לחיים.

חיים הערש, קרייסל (קומען אַריין.)

קריינע: געסט, געסט.

טודרוס: איידער מען הייבט זיך אָן צו קריגן, גיב מיר, חיים הערש, אַ שמעק טאַבאַק.

(באַקומט עס.)

קרייסל: מיר זענען זיך נישט געקומען קריגן, פאַרקערט, מיר זענען געקומען אויסמיידן אַ קריג.

נאָטע: נו, וואָס ווילסטו זאָגן גוטס, חיים הערש? ווילסט אפשר נעמען אַ טרונק בראַנפן?

חיים הערש: איך בין דיר געקומען זאָגן אַז עס וועט ווייט פאַרגיין.

נאָטע: נו, וועלן מיר זיך גרייטן; ביסט עס מיר געקומען זאָגן?

חיים הערש: יאָ, איך בין עס דיר געקומען זאָגן.

נאָטע: האָסט עס נישט באַדאַרפט. וואָרעם איך האָב מיר מיין שׂכל. און אַז איך וויל ווערן אויס קבצן, קען עס מיר אַפּילו גאָט אַליין נישט פאַרווערן.

קרייסל: אַדרבא, זאָל אייך גאָט העלפן.

חיים הערש: דאָס איז דיר דיינע אַ זאַך. און, אַז דו ווילסט מיר אונטערגראָבן מיין חיונה, נאָך דעם ווי איך האָב עס מיט אַלע כּוחות אויפגעאָבערט, זאָג איך, אַז איך וועל נישט לאָזן.

נאָטע: נישט לאָזן, איז נישט לאָזן.

כּאַצקל: מען קען קיינעם נישט פאַרווערן.

חיים הערש: ביי אַזאַ שנעק פרעגט מען נישט!

טודרוס: איך האָב אויך דאָס אייגענע געזאָגט: מען באַדאַרף נישט לאָזן אַ זיכערע פּרנסה און מאַכן שותּפות מיטן ווינט.

קריינע: וואָרעם ער איז נישט גערעכט?

נאָטע: גרויסע קעפּמענטשן; פאַרשטייט אַ סך מיט נאָך.

קרייסל: געבוג געזונט האָט עס מיר געקאָסט ביז איך האָב ביי אים געפּועלט ער זאָל גיין מיט מיר אַהער.

נאָטע: וואָס ווילט איר פון מיר?!

חיים הערש: גאָרנישט!

נאָטע: גאָרנישט איז — גאָרנישט.

קריינע: אדרבא זעצט אייך, זאָל מען זיך דורכרעדן.

נאָטע: נישטאָ פון וואָס צו רעדן; איך וועל ביי אים קיין ווינט נישט צונעמען.

חיים הערש: אָבער מיין חיונה ועסטו צונעמען!

כּאַצקל: קיין פּשרות, רב נאָטע, איך האָב אין דעם אַ פאַר־מעגן אַריינגעלייגט.

נח (באַוויזט זיך אין דער אָפענער טיר): ביז ער וועט פון דאָרט נישט אַרויסגיין וועט מען צו קיין טאָלק נישט קומען.

כּאַצקל: מיך מיינסטו?

נח: גיי פאַר אַלדי שוואַרץ־יאָר!

נאָטע: גיי דו פאַר אַלדי שוואַרץ־יאָר.

חיים הערש: וואָס האָט מען מיר אַהער געבראַכט? שלאָגן זיך קען איך אויף דער גאַס.

קריינע: חיים הערש, זייט נישט קיין קינד. און דו, נח, איך וואָלט עס גאָר קיין מאָל נישט געגלייבט אויף דיר.

חיים הערש: ער איז גערעכט.

נח: ביז ער וועט פון שטוב נישט אַרויסגיין וועל איך נישט אַריינגיין.

נאָטע (פון זײַן פּלאַץ): גיי פאַר אַלדי שוואַרץ־יאָר; עמיצער האָט געשיקט נאָך דיר?

קריינע (צו נאָטען): נישט אַנדערש דו האָסט זיך אָנגעשיכּורט. וואָס ווילסטו פון מיין לעבן? רעדט זיך דורך ווי מענטשן, וואָס האָט זיך אַזעלכס אָנגעצונדן אין אייערע מוחות, וואָס נאָר קריגן זיך?

טודרוס: כע, כע — נו, מאַך קיין אָנשטעל נישט, חיים הערש, זעץ זיך, גיב אַהער קריינע אַ בענקל זאָל ער זיך זעצן. אָט אַזוי... און דו, שנעק, שטיי נישט אין טיר און בונטעווע נישט. קום אַריין זאָל מען זיך דורכרעדן.

נאָטע: איך האָב נישט וואָס צו רעדן, טאַטע.

חיים הערש: איך האָב אויך נישט וואָס צו רעדן.

נח: קום טאַטע אַ היים; מיר וועלן זיך שוין אַליין אַן עצה געבן.

טודרוס: שווייג, דו שנעק. אַן עלטערער מענטש הייסט דיר שווייגן! און דו, חיים הערש, מאַך זיך נישט נאַריש. ער האָט פריער אַן איבריק ביסל בראַנפן גענומען, אָבער דו ביסט דאָך ניכטער.

נאָטע: איך בעט דיר, טאַטע, מיש זיך נישט אין פרעמדע געשעפטן.

טודרוס: אויב ס׳איז פרעמדע עסקים, וועל איך שווייגן.

קרייסל: ס׳איז אַלץ איינס, רב טודרוס; איך בעט אייך פאָלגט אים נישט.

נח (צייגט צו כאַצקלען): ביז ער וועט נישט אַרויסגיין וועט קיין טאָלק נישט זיין.

קרייסל: ער זיצט דיר אויפן קאָפּ?

נח: יאָ, ער זיצט מיר אויפן קאָפּ.

קרייסל: קענסטו גיין אַהיים, אויב דו ווילסט.

קריינע (זי זעצט מיט געוואַלט אַנידער חיים הערשן): נו, וואָס שווייגט איר?

נאָטע: כ'האָב נישט וואָס צו רעדן.

קריינע (אויס טרערן): פאַרוואָס זענען מיר שונאים געוואָרן? צוואָנציק יאָר אָפּגעלעבט אין פרידן און מיט אַמאָל זענען מיר שונאים געוואָרן.

נאָטע: מסתּמא האָט עס באַדאַרפט אַזוי זיין.

טודרוס: רעדט זיך דורך ווי מענטשן.

קריינע: קום, נח, אַריין. שטיי נישט אין טיר.

נח: איך קען דאָ אויך באַשטיין.

נאָטע: אַז מען באַדאַרף ווערן שונאים — ווערט מען. אַזוי באַדאַרף עס זיין. איר זענט אָנגעקומען אַהער און איך בין דאָ אויפן בית־עולם געבאָרן געוואָרן.

חיים הערש: דו האָסט אַ גרינגערע פּרנסה פון מיר.

נאָטע: איך קען זיך בייטן מיט דיר אויב דו ווילסט.

חיים הערש: מוחל... איך צי די אָדערן ביז איך פאַרדין דאָס שטיקל ברויט. איך באַדאַרף צו קיינעם נישט אָנקומען. מיין שטיקל ברויט קאָסט מיר גענוג פּראַצע און איך וועל נישט לאָזן אַז עמיצער זאָל עס מיר פון מויל אַרויסרייסן. (קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש.) איך וועל נישט לאָזן מען זאָל מיר מיין ביסן ברויט פון מויל אַרויסרייסן!

קרייסל: היץ זיך נישט אַזוי; מען קען דאָך רעדן ווי מענטשן.

נאָטע: און איך זאָג, אַז כ'וועל ביי קיינעם קיין ברויט נישט פאַרנעמען. מיר איז נמאס געוואָרן צו זיצן אויפן בית־עולם און אויס־קוקן שטאָטישע מתים. איך האָב אַ דערוואַקסן קינד, איך וויל פון דאַנען אַרויסציען און קיינער קען מיר נישט פאַרווערן.

חיים הערש: טאָ קויף דיר אַן אַנדער פּלאַץ. דאָ האָב איך שוין מיין שפּע איינגעצויגן און דו ווערסט עס מיר אונטערשלאָגן.

קרייסל: וואָרעם ער איז דען נישט גערעכט?

טודרוס: ווען דיין טאַטע וואָלט איצטער געלעבט וואָלט עפּעס אַנדערש דערוויזן געוואָרן.

נח: וואָס דערציילט איר מעשׂיות פון אַמאָל? ווען כאַצקל וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט וואָלט זיי קיין מאָל נישט איינגעפאַלן מילנער צו ווערן.

כאַצקל: נאַרישקייטן. עס וועט שוין גאָר נישט העלפן. איך האָב אין דעם אַ פּרעמדן פאַרמעגן אַריינגעלייגט. און איר, נאָטע, זייט קיין קינד נישט; לאָזט זיך גאָר נישט איינרעדן.

חיים הערש (שטייט אויף): איך האָב דאָ נישט וואָס צו זיצן.

קריינע: איר באַדאַרפט זיך ניט אַזוי רעכענען. גאָט האָט פאַר אַלעמען געגעבן.

קרייסל: צרות האָט ער געגעבן פאַר אַלעמען. ווען איר, קריינעשו, וואָלט וויסן וואָס פאַר אַ צרות מיר נעמען זיך אויף אונדזערע קעפּ. עס וועט נאָר דערפון אַן אייביקע שׂנאה אַרויסקומען. ס'וועט שוין קיין יום-כּיפּור אויך אפילו נישט העלפן. איך בעט אייך נאָך אַמאָל זייט זיך מישב.

נאָטע: איך האָב זיך שוין מישב געוועזן.

חיים הערש: נישטאָ וואָס צו מאַכן.

נח (צו דעם פאָטער אַהיים): קום, טאַטע, אַהיים. קום דו, מאַמע, אויך אַהיים. אַז זיי וועלן באַדאַרפן וועלן זיי שוין צו אונדז טרעפן.

נאָטע: וועסט שוין וואַרטן ביז איך וועל קומען צו דיר.

חיים הערש (וויל אַרויסגיין.)

קריינע (שטעלט זיך אין טיר): זאָל איך שלעכטס האָבן אויב איך וועל אייך אַרויסלאָזן.

טודרוס: אפשר זאָל מען עס בויען בשותּפות?

נאָטע: פאַר מיינע הענט דאַרף איך קיין שותּפים נישט.

חיים הערש: זאָלן זיי בויען!

(ער שפּאַרט זיך אַרויס אויף דער גאַס. נאָך אים נח.)

קרייסל: וואָס איז פאַר אַן אָנשיקעניש אויף אונדזערע קעפּ? וועט עס גאָר דער וואָס אין הימל מיינע יסורים נישט אָנזען?

(גייט אַרויס.)

קריינע (שרייט איר נאָך): גייט נאָך נישט אַוועק, קרייסל!

נאָטע: זאָלן זיי גיין פאַר אַלדי שוואַרץ־יאָר.

קריינע: בייס זיך אָפּ די צונג!

כאַצקל: זאָלן זיי נישט שרעקן די געגנדז. אויך מיר אַ מענטש. ער וועט נישט לאָזן. מען וועט שוין אַ סך פרעגן ביי אים. כ׳וויל גיין זען צי די פורן גייען נישט...

קריינע: היט זיך דאָרט, עמעצער זאָל אייך, חלילה, נישט שלאָגן.

כאַצקל: איך האָב שוין קיין מורא נישט. זאָלן זיי...

(גייט אַרויס.)

קריינע: באַטראַכט זיך, נאָטע, וואָס מען גייט איצטער טאָן. וואָס פעלט אונדז דען דאָ?

נאָטע: איך וויל מער נישט זיין קיין קברן.

קריינע: צונעמען ביי אַ מענטשן די פּנסה...

נאָטע: איך נעם ביי קיינעם נישט.

קריינע: איך האָב דעם גאַנצן כאַצקלען נישט ליב.

נאָטע: דאָס האָט נישט צו דיר און נישט צו אים. איך וועל אים באַצאָלן דאָס וואָס ער האָט אויסגעלייגט און ער וועט מיר דאָ קיין גרויסע דעה נישט זאָגן.

קריינע: ער מיינט צום באַצאָלן נאָך עפּעס צו האָבן.

נאָטע: טאָ וואָס זאַרגסטו? האָסט אַ בעסערן שידוך פאַר דיין טאָכטער?

קריינע: איך וויל אָבער נישט, אַז ס׳זאָל זיך צעפלאַקערן אַ פייער. ס׳איז גלייכער פריער איידער שפּעטער...

(אַ גערויש אין דרויסן פון אָנקומענדע פורן.)

אַ שטימע (הינטערן פענצטער רופט): כאַצקל! כאַצקל!

נאָטע: די פורן זענען שוין אָנגעקומען.

קריינע: כ׳האָב מורא אַז צרות נעמען מיר זיך אויפן קאָפּ.

נאָטע: זיי נישט קיין יידענע.

צירל (גנבעט זיך אַרויס פון שטוב.)

כאַצקל (אין טיר): קומט אַרויס, נאַטע: קומט איר אויך, רב טודרוס. די פורן זענען אָנגעקומען. וואו וועט מען עס וואַרפן?

נאַטע: אויף מיין פּלאַץ. אַפילו די וועלט מעג זיך איבערקערן. איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט.

קריינע: טאַמער, חלילה, וועלן זיי זיך אָנהייבן.

כאַצקל: איך האָב אָפּגערעדט מיט די פויערים. מען וועט אַראָפּ־וואַרפן אויף גאַרנישט. און אויב עס וועט קומען צו אַ געשלעג... איך האָב זיי צוגעזאָגט בראָנפן. ס׳וועט שוין רעכט זיין.

קריינע: איר האָט אָנגעקוקט חיים הערשן? ווי אַ גזלן אַזוי האָט ער אויסגעזען... (פּלוצלונג.) וואו איז דאָס קינד? צירל, וואו ביסטו?

נאַטע: איז דאָך נאָר וואָס געווען אין שטוב.

טודרוס (גייט אַרויס.)

אַ שטימע (דרויסן): כאַצקל! כאַצקל!

נאַטע: מען גייט! מען גייט! וואַרט, כאַצקל, איך גיי אַליין ווייל איך ווייזן וואו דאָס געהילץ אַראָפּצוּוואַרפן.

קריינע: זאָלט איר מיר לעבן, וואו איז צירל?

נאַטע: וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? איז מסתמא אַרויסגעגאַנגען.

כאַצקל: איך גיי אַליין...

(גייט אַרויס.)

קריינע (וויינט): מוחל, מוחל... בעסער וואָלסטו זיך גאָר ניט אָנגעהויבן. ברענגען אַן אומגליק אויף אונדזער שטוב... די קינדער האָבן זיך ליב.

נאַטע: וואָס האָסטו געזאָגט?!

קריינע: דאָס וואָס דו הערסט.

נאַטע: אַזאַ גאַרנישט וועט מיר שוין אויך זאָגן אַ דעה? איך וועל עס אַרויסשלאָגן פון איר קאָפּ.

קריינע: זי איז שוין קיין קליין קינד נישט.

נאַטע (זוכט אין צווייטן צימער): וואו איז זי? איך וועל איר די ביינער צעברעכן... איר גליק וואָס זי האָט זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן.

(דרויסן אַ געשריי.)

**קריינע:** גאָט מיין גאָט, וואָס איז דאָרט? אַ געשלעג האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

**נאָטע** (לויפט אַרויס.)

**קריינע** (קוקט אין פענצטער): וואָס איז דאָ אַזעלכס?... צירעלע, מיין לעבן, וואו ביסטו?

**טודרוס** (קומט אַריין): אַזאַ יונגאַטש קען... אַט דער נח.

**קריינע:** וואָס איז געשען? האָט איר דאָס קינד נישט געזען דרויסן?

**טודרוס:** דער גוטער יאָר ווייסט איר דאָרט. אַזאַ יונגאַטש. האָט אים געגעבן מיט אַ דראָנג איבערן פּלייצע.

**קריינע:** ועמען? וואָס רעדט איר?!

**טודרוס:** נח האָט כאַצקלען דערלאַנגט.

**צירל** (רייסט זיך אַריין אין שטוב אַ צעשראָקענע): מאַמע!...

**קריינע:** וואו ביסטו געווען, קינד מיינס? זע ווי דו ביסט צע־שראָקן...

**צירל:** איך האָב זיך דערשראָקן...

**נאָטע** (לויפט אַריין): אָט איז זי... איך וועל דיר געבן, דו וועסט מיר אַליין אומקריכן...

(וויל זי שלאָגן.)

**קריינע** (באַשיצט זי): אַוועק, משוגענער. ס'וועט דיר מער נישט פעלן טאָמער טוסטו זי אַ ריר.

(דרויסן אַ געשריי.)

**נאָטע** (כאַפּט אַ רידל און וויל אַרויסגיין.)

**קריינע:** לאָז דעם רידל אין שטוב. מיין קינד, לאָז אים נישט גיין מיטן רידל.

**נאָטע** (רייסט זיך אַרויס אויף דער גאַס.)

**קריינע** (צו טודרוסן, וואָס קוקט אַנגעשטרענגט אין פענצטער): גייט, איר שווער, אויך אַרויס. לאָזט ניט, אַז ס'זאָל קומען צו אַ גע־שלעג. בלייב דאָ, מיין קינד, איך וועל אַליין גיין. ווי איז מיר, וויינד איז מיר! וואָס האָט מען געוואָלט האָבן פון מיין לעבן?...

(די קולות אין דרויסן ווערן שטאַרקער.)

**כאַצקל** (לויפט אַריין): **גיט מיר אַ האַק! איך וועל אים זיין קאָפּ צעשפּאַלטן.**

(זוכט.)

**קריינע**: **וואָס טוט איר? קומט בעסער, לאָמיר זיי פונאַנדער־נעמען. וואָס ווילט איר טאָן מיט אַ האַק?**

**כאַצקל** (נישט געפינענדיק, לויפט אַרויס.)

**קריינע** (קוקט אין פענצטער): **ווי איז מיר, ווינד איז מיר... די גויים שלאָגן זיך. עס פליען שטיינער ווי קאַרטאָפל. אוי ווי איז מיר, די גויים הרגענען זיך...**

**קרייסל** (לויפט אַריין): **וואָס זיצט איר, קריינע, אין שטוב? לאָמיר לויפן זיי צענעמען. מען וועט זיך נאָך חלילה צום טויט פאַרהרגענען. אפשר פופציק גויים האָבן זיך צעבונטעוועט. ער האָט זיי אָנגעשיכורט, אַז מיר אַרט נישט, זאָל מען בויען, זאָל מען...**

**נח** (הינטערן פענצטער): **מאַמע, קום אַרויס פון דאָרטן!**

**קריינע**: **קום אַריין נחל; קום אַריין אין שטוב.**

**קרייסל**: **קום אַריין, מיין קינד.**

**צירל**: **נח, קום אַריין אין שטוב!**

**קריינע**: **רוף דעם טאַטן אַהער.**

**קרייסל**: **ער איז אַנטלאָפן געוואָרן... קומט, קריינעשו, מיין גאָלד, לאָמיר זיי מיט געוואַלט אַריינגעמען. קומט, זאָלט איר מיר געזונט זיין.**

**קריינע**: **איך גיי, איך גיי.**

**קרייסל**: **קום דו, צירל, אויך מיט אונדז. וועסט וויינען פאַר דיין טאַטן, וועסט קלאָגן. ער וועט פאָלגן, וואָרעם איך וועל עס נישט אויס־האַלטן.**

(דרויסן אַ ליאַרעם.)

**קריינע**: **קומט גיכער, לאָמיר זיי נישט דערלאָזן... צירל וועט זיין אין שטוב.**

(לויפן ביידע אַרויס.)

**צירל** (בלייבט אַליין. לויפט אַ צעשראָקענע צו די פענצטער.)

**דאָבע** (קומט אַריין. בלייבט לעבן טיר): מען שרייט אויף דער גאַס. מען וועקט מיינע קינדער אויף. (דרויסן שרייט מען נאָך שטאַרקער.) מיינע קינדער! מיינע קינדער... מען וועט זיי נאָך מיט שטיינער דער־הרגענען...

**צירל**: גיי אַרויס פון דאַנען, איך האָב מורא פאַר דיר.

**דאָבע**: מען וועקט מיינע קינדער אויף. זיי וועלן מיר נישט לאָזן אַ גאַנצע נאַכט שלאָפן.

**צירל**: גיי אַרויס פון דאַנען.

**דאָבע** (הערט זיך צו): מיינע קינדער וויינען. אַלע האָבן זיך שוין אויפגעכאַפּט.

**צירל** (שרייט): מאַמע! מאַמע! קום אַריין אין שטוב!

**דאָבע**: אָ... מיינע קינדער...

(דרויסן אַ געשריי, זי לויפט אַרויס.)

**קריינע** (שלעפט מיט געוואַלט נאָטען פאַר אַ פאָלע. וויינט): שוין. מאַך אַ סוף פון מיין לעבן, וואָס ווילסטו נאָך, נעם און גראָב אויס אַ קבר און וואַרף אַריין דיין ווייב מיט דיין קינד און אַ סוף מיט אַן עק זאָל עס נעמען.

**נאָטע**: איך וועל טאָן וואָס כ'וועל וועלן.

**קריינע**: דו וועסט טאָן וואָס דו וועסט וועלן, אָבער איצטער זיץ אין שטוב!

**נאָטע** (וויל אַרויסגיין.)

**קריינע**: איך וועל מיר אַ מעשׂה אָנטאָן. לאָז אים נישט גיין, מיין קינד.

**טודרוס** (קומט אַריין): אַן איינפאַל אַ ביסל. צעבונטעוועט גויים זיי זאָלן זיך שלאָגן. כע־כע, וועמעס אַרבעט איז עס געווען? אויב כאַצקל האָט עס געטאָן — האָב איך פיינט אַזעלכע מלאכות.

**קריינע**: בעסער, שווער, לאָזט אים נישט אַרויסגיין אויף דער גאַס.

**נאָטע**: איך האָב קיין מורא נישט. איך באַדאַרף די קריגערייען נישט האָבן. אויף מיין פלאַץ קען איך טאָן וואָס איך וויל... (צו צירלען.) און דו וועסט זיך חברן מיט זיין זון — איך וועל פון דיר

דיין פעל אָראָפּשינדן. דו האָסט געהייסן דערלאַנגען כאַצקלען מיט אַ דראַנג?!

צירל: איך חבר זיך נישט.

טודרוס: וואָס אַן אמת איז אַן אמת, דער בחור געפעלט מיר.

נאָטע: ווערט ער די כּפּרה מיט זיין טאַטן.

טודרוס: ס'איז אַן עוולה, נאָטע.

נאָטע: ס'איז מיינע דאגות. דו חצופה, דו ווייסט נאָך העזה האָבן קריכן דעם טאַטן אין וועג אַריין? וואָס האָסטו אַזעלכס געזאָגט כאַצקלען?

צירל: וואָס כ'האָב אים געזאָגט?

נאָטע: יאָ, וואָס האָסטו אַזעלכס געזאָגט... וואָס וויינסטו? וואָס קלאָגסטו? ס'איז נאָך פון דער ערד נישט אויסגעוואָקסן און...

טודרוס: לאָז זי אָפּ. זי פאַרשטייט גאָר נישט, זי ווייסט גאָר נישט. איך האָב אים אויך נישט פיינט. אַ בריה אַ בחור.

נאָטע: וועמען מיינסטו?

טודרוס: איך מיין וועמען איך מיין. מאַך קיין אַנשטעל נישט.

קריינע: כאַצקל נעמט נאָך דערוויילע נישט דיין טאָכטער.

נאָטע: איז נישט. וועל איך מיר טאַקע אָוועקזעצן קלאָגן.

צירל: ער איז אַ גרויסער באַרימער; אַ ליגנער.

נאָטע: מען פרעגט נישט ביי דיר.

צירל: ער האָט זיך פאַר מיר באַרימט, אַז ער וועט דיך פאַר אַ גביר מאַכן.

נאָטע: איך קען אַליין מיין שטעטל באַשטיין!

קריינע: אפשר קען מען זיך נאָך איצטער דערפון אָפּוואַרפן? זאָל ער בויען אַליין. זאָל ער טאָן וואָס ער וויל?

נאָטע: דאָס וועלן מיר שוין זען. זאָל חיים הערש נישט מיינען, אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע. ער זאָגט, אַז ער וועט נישט לאָזן. איך וואוין דאָ לענגער פון אים. איך האָב דאָ מיינע אָדערן אויסגעצויגן און ער וועט מיר גאָר דאָ קומען דעות זאָגן.

(דרויסן געשרייען.)

כאַצקל (לויפט אַריין אַ צעשראָקענער, פאַרמאַכט די טיר הינטער

זיך. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר ווי מען וואָלט מיט אַ שטיין דער־לאַנגט.)

קריינע: וואָס איז ווידער?

נאַטע: ווער איז עס?

כאַצקל: איך וועל אים היינט אין דער ערד אַריינשלאָגן.

טודרוס: ווער איז עס, נח?

כאַצקל: ווען איך לויף נישט אַריין אין שטוב וואָלט ער מיר דעם קאָפּ צעשפּאָלטן.

נאַטע: זיי אין שטוב... ביי מיר איז שוין פריער רעכט געווען צו נאָכגעבן; נאָר איצטער... אפילו מיין קאָפּ זאָל אין דער ערד ליגן, איך וועל שוין נישט נאָכגעבן...

כאַצקל: ווי די גאַנצע וועלט וואָלט פאַר זיי נאָר געווען.

נאַטע: מיר וועלן שוין זען...

(אַ שטיין טרעפט אין פענצטער. די שויבן ווערן צעשמעטערט. אַלע טרעטן אָפּ אין אַ זייט.)

קריינע: אין גאָטעס ווילן, ווער טוט עס?!

נאַטע: ווער איז דער וואַרפער, איך וועל אים אַ לעבעדיקן באַגראָבן.

טודרוס: גייט אָפּ פון פענצטער. עס קען נאָך אַ שטיין פאַלן.

נאַטע (באַקוקט דעם שטיין): אַ שטיין אַ ביסל... איצט זעט איר אויס, ויעט קיין שלום שוין ביט זיין.

(דורכן פענצטער פליט אַריין אַ צווייטער שטיין. דער עולם דער־שראָקן בלייבט שטיין פאַרזיכט־ק אין אַ זייט קוקנדיק צום פענצטער און וואַרטנדיק אויף אַ דריטן שטיין.)

# פערטער אַקט

בײַ חיים הערשן. הערבסט, בײַנאַכט.

קרייסל (זיצט בײַם אויוון, פּליקט פעדערן.)

חיה (העלפט איר כלומרשט צו.)

קרייסל: איך בעט דיר, העלף מיר נישט, ווארעם דו פירסט נאָר איבער די פעדערן.

חיה: איך פיר נישט איבער.

קרייסל: רעד צו איר און רעד צו דער וואַנט — אַלץ איינס.

חיה: פאַרוואָס פּליק איך שלעכט?

קרייסל: דו ברעכסט אָפּ שלעכט די שטעקלעך און עס בלייבט איבער אין די פעדערן און דערנאָך שטעכט עס אין קאָפּ. גיי אַרויס און זאָג דעם טאַטן ער זאָל אַריינקומען עסן וועטשערע, ווארעם, זאָג אים, עס וועט ווערן קאַלט.

חיה: נאָך צען פעדערן וועל איך אָפּפּליקן... נו, שוין נאָך פינף און דערנאָך וועל איך גיין.

קרייסל: מער רעד איך נישט צו דיר.

חיה: נו, שוין, נאָך צוויי, נאָך איינעם... אָט גיי איך שוין...

(זי עפנט די טיר אַרויסצוגיין, נאָר באַמערקנדיק עמעצן הינטערן טיר דערשרעקט זי זיך און אַ געשריי געבנדיק לויפט זי צו דער מוטער.)

קרייסל: וואָס איז געשען?

חיה: עמעצער שטייט הינטערן טיר.

קרייסל: וועמען האָסטו געזען?

חיה: אפשר די משוגענע דאָבע. כ׳האָב זיך אַזוי דערשראָקן.

קרייסל (גייט צום טיר): ווער איז דאָרט?

חיה: הינטערן טיר קוק, מאַמע.

קרייסל: צירל איז עס גאָר... גאָט איז מיט דיר, צירל, וואָס שטייסטו הינטערן טיר? קום אין שטוב אַריין.

חיה (לויפט אויך צום טיר): טאָקע צירל.

קרייסל (זי פירט אַריין ביים האַנט צירלען אַ בלאַסע און צע־שראָקענע): וואָס איז מיט דיר, מיין קינד? ווי קומסטו אַהער איצטער?

צירל: איך האָב מורא דער טאַטע זאָל מיר נישט דערזען. ער קאָן זיך דערוויסן אַז איך בין דאָ.

קרייסל: האָב קיין מורא נישט. איך וועל נישט לאָזן מען זאָל דיר בייז טאָן, אָבער וואָס איז געשען?

צירל (אויס טרערן): פאַרוואָס זענען מיר אַזעלכע שונאים געוואָרן?

קרייסל: וואָס קען מען העלפן, מיין קינד? מסתמא וויל אַזוי גאָט. איך האָב אייך קיין שלעכטס נישט געוואונטשן. אָבער זאָג מיר פאָרט וואָס איז אַזעלכס געשען וואָס דו ביסט פון דער היים אַוועק?

צירל: דער טאַטע האָט מיך געשלאָגן, בין איך פון דער היים אַנטלאָפן.

קרייסל: ווי איז מיר, וואָס האָט ער צו אַזאַ טייער קינד?

צירל: איצטער זיצט ביי אונדז כאַצקל, בין איך פון שטוב אַנטלאָפן געוואָרן.

קרייסל: האָסט עס נישט באַדאַרפט טאָן, נשמה מיינע. ס׳איז דאָך אַזוי נאָענט, דער טאַטע קען זיך נאָך דערוויסן, אַז דו ביסט דאָ. עס פעלט מיר חלילה נאָך. —

חיה: אַריינרופן דעם טאַטן עסן וועטשערע?

קרייסל: וואַרט אַ מינוט. איך האָב מורא, אַז דער טאַטע...

צירל: איך וועל פון דאַנען מיט גוטן נישט אַוועקגיין.

קרייסל: האָסטו נחן געזען?

צירל: ניין. נח איז מיר אַ שונא געוואָרן.

קרייסל: רעד נישט אַזעלכע ווערטער — וואָס קען ער חלילה האָבן צו דיר?

צירל: ער ווייזט זיך אַפילו נישט. איך ווייס פאַרוואָס. אַלע זענען מיר שונאים געוואָרן, און איך האָב זיך נישט וואו אויסצובאַהאַלטן.

קרייסל: ביסטו אַהער געקומען. אַך, דו נאַריש קינד. זעסטו, אַזוי וויל גאָט. וואָלט איך דען, קינדערלעך, געהאַט עפּעס, חלילה, קעגן אייך? האָבן זיך די טאַטעס איינגעעקשנט איינער דעם אַנדערן אומגליקלעך צו מאַכן. איך וויין, איך קלאָג — עס העלפט נישט. וואָס קען איך דען מער טאָן?

צירל: די מאַמע האָט מיטן טאַטן גערעדט, געוויינט. ער האָט נישט געוואָלט פאָלגן.

קרייסל: וואָס קומט דערפון אַרויס? איצטער האָבן מיר ביידע קיין פּרנסה נישט.

צירל: כאַצקל מאָנט ביים טאַטן געלט און דער טאַטע האָט אים נישט צו געבן.

קרייסל: פרעג צו וואָס האָט מען עס באַדאַרפט?

צירל (טוליעט זיך צו קרייסלען): וואָס וועט איצטער זיין? וואָס וועט איצטער זיין?

קרייסל: ווּעסט מוזן פאָלגן דעם טאַטן. איך האָב צו דיר חלילה גאָרנישט.

צירל: וואָס באַהאַלט זיך נח אויס, איך זאָל אים קיין מאָל נישט זען?

קרייסל: נח פאָלגט אויך זיין טאַטן.

צירל: איך וועל אים אַליין בעטן.

קרייסל: ווּעמען מיינסטו?

צירל: איך וועל בעטן אייער מאַן ער זאָל ווערן שלום מיט אונדז. איך קען מיין טאַטן נישט בעטן. ער כאַפּט זיך באַלד שלאָגן, איך שעם זיך צו דערציילן וואָס ער מאַכט פון מיר.

קרייסל: נישט געדאַכט זאָל עס ווערן...

חיה: אָ, ווען מען שלאָגט מיך וואָלט איך —

קרייסל: שוויג, מען פרעגט נישט ביי דיר וואָס דו וואָלסט געטאָן.

גיי רוף אַריין דעם טאַטן. זאָג אים אַז עמיצער איז דאָ אין שטוב. אפשר קען נחת אויך אַריינקומען.

חיה (גייט אַרויס.)

צירל (פאַלט צו צו קרייסלען): האָט רחמנות אויף מיר. ראַטעוועט מיר פון מיין היים. נעמט מיר אַריין אין אייער שטוב. איך וועל אַזַ נחת נישט איבערלעבן.

קרייסל: האָסט נחן אויך אַזעלכס געזאָגט.

צירל: ניין. אים קען איך עס נישט זאָגן. דערפאַר וואָס ער איז זייער גרויס ביי זיך און איך בין עס אויך. ער האַלט מיטן טאַטן זיינעם און איך... איך בעט אייך... איך וועל אַרויסגיין איידער אייער מאַן קומט אַריין.

קרייסל: איך האָב פאַר דיין טאַטן נאָך מער מורא. ער וועט זיך דערוויסן אַז דו ביסט דאָ וועט ער נאָך די שויבן אויסשלאָגן. פאָלג מיר, מיין קינד, און גיי אַהיים.

צירל (ברעכט די הענט): ווי זאָל איך גיין? וואוהין זאָל איך גיין? איך וועל אין דער וועלט אַריין אַנטלויפן. איך וועל לויפן צוריק אויפן בית־עולם און אַ לעבעדיקע זיך אין קבר וואַרפן.

קרייסל: איך האָב, חלילה, צו דיר גאָרנישט. נו, זיי נישט אַזוי צעשראָקן. (זי קושט איר און באַרויקט איר.) זיי נישט אַזוי געפאַלן ביי זיך, עס קאָן נאָך אַלץ געמאַלט זיין.

קריינע (קומט אַריין נישט טויט, נישט לעבעדיק): דאָ איז זי גאָר, ווי איז דער מאַמען.

קרייסל: איר זענט נישט אין קיין פרעמדער שטוב און איך ווינטש אייך קיין בייז נישט. קינדער ווילן נישט וויסן פון דעם, וואָס טאַטע מאַמע זעבען אויף שטעך־מעסער.

קריינע: אַהיים זאָלסטו מיר גיין!

קרייסל: טרייבט זי נישט מיט געוואַלט. אַז זי איז אַהער געקומען מסתמא ווייסט זי אַז דאָ איז מען איר קיין שונאים נישט. גאָטעניו, וואָס איך ווינטש איר זאָל עס אויסגיין צו מיין קאָפּ.

קריינע: וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?

קרייסל: איך וויל פון אייך גאָרנישט, קריינעשו. זאָל מיר גאָט שטראָפן אויב איך מיין חלילה אין האַרצן עפּעס אַנדערש.

קריינע (צו צירלען): מיין קרוין, מיין לעבן; קום אַהיים, וואָרעם דער טאַטע וועט די שטוב איבערקערן.

צירל: אין דער היים איז מיר שלעכט — אַנקלויף איך.

קריינע: וואָס רעדסטו, מיין קינד? וואָס איז דיר שלעכט אין דער היים? איך מאַך דאָך קיין אויג נישט צו ביי נאַכט און אַלץ צו־ליב דיר. וואָס איז דען מיין לעבן ווערט חלילה אָן דיר?

צירל: כאַצקל וועט מיין חתן נישט זיין!

קריינע: געהערט רייד אַ ביסל? דעריבער אַנקלויפסטו פון דער היים. און אויב אַנקלויפן ביסטו אַהער געקומען... גאַטעניו פאַטער, וואָס שטראָפסטו מיר אַזוי שווער?

צירל: אויב דו ווילסט נישט, איך זאָל דאָ זיין, וועל איך אויף דער גאַס אַרויס, אָבער אַהיים וועל איך נישט גיין ווי לאַנג ער וועט זיצן אין שטוב ביי אונדז.

קריינע: ער איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען.

צירל: איך ווייס, אַז ער איז נישט אַוועקגעגאַנגען. וואָס ווילסטו האָבן פון מיר, מאַמע? איך האָב אַ האַרץ און ס'האַרץ לאָזט מיר נישט... איך קען נישט, מאַמע, שלאָגט מיר, שניידט מיר אויף שטיקער — איך וויל נישט.

קריינע: נישט אַנדערש דו ביסט פון זינען אַראָפּ. פון וועמען האָסטו אַזעלכע ווערטער געהערט?

צירל: איך האָב עס פון קיינעם נישט געהערט. איך אַליין זאָג, אַז איך וועל אַהיים נישט גיין, ביז דער טאַטע וועט מיר צוזאָגן, אַז ער וועט מיך נישט טרייבן צו אים.

חיים הערש (קומט אַריין, הינטער אים גייט חיה.)

קריינע (וויינט): גאָטעניו פאָטער, וואָס האָסטו צו מיין לעבן?...

חיים הערש (קוקט פאַרדעכטיק צו דעם אַלטמען. ער זעצט זיך אַנידער. שוויַיגט.)

קרייסל: נו, וואָס שוויַיגסטו, חיים הערש?

חיים הערש: כ'האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגן. איך קוק, וואָס עפּעס פּלוצלונג צו מיר זיך אַראָפּגעלאָזן — אַ צרה געטראָפן אין מיל, זאָל איך אפשר גיין פאַררעכטן? די מיל שטייט, זע איך.

קריינע: איר טאָרט עס נישט רעדן, חיים הערש!

חיים הערש: וועסט מיר, קרייסל, געבן עסן. איך באַדאַרף גיין אין מיל אַריין. דער ייִנגל וועט זיך נישט קענען אַליין אַן עצה געבן.

קרייסל: זע, זיי זענען געקומען אַהער — אפשר האָבן זיי עפּעס צו רעדן.

חיים הערש: איצטער רעדן? וואָס וועט איצטער פון רעדן אַרויסקומען? דאָס וואָס עס האָט באַדאַרפט — איז געשען. אייך, ווייבער, האָט זיך אפשר פאַרבענקט איינער צום אַנדערן, איך בענק נישט נאָך נאָטען. דער אַלטער קומט נאָך אַ שמעק טאַבאַק בעטן — און אפשר אויסצוקוקן וואָס ביי מיר אין מיל הערט זיך — ווער ווייסט!

קריינע: גאָט איז מיט אייך, חיים הערש...

חיים הערש: אויב איר זענט געקומען אויספאָרשן וואָס ביי מיר הערט זיך, קען איך אייך זאָגן, אַז איך האָב פאַר אייך קיין מורא נישט! גאָט צו דאַנקען, ער פאַרלאָזט מיר נישט. אַרבעט האָב איך גענוג, געזונט בין איך אויך... (צו קרייסלען.) דו גיסט מיר עסן? איך האָב קיין צייט נישט צו וואַרטן.

קריינע: אמתע רשעים.

קרייסל: באַדאַרפסט אַזעלכס נישט רעדן, חיים הערש, די קינדער אין די אויגן.

חיים הערש: וואָס האָט עס מיט די קינדער צו טאָן? זאָלן די קינדער אויך וויסן, אַז נאָטע מיט חיים הערשן זענען זיך שונאים איינער דעם אַנדערן. זאָלן די קינדער וויסן, אַז נאָטע האָט זיך אויף מיר אָנגעזעצט דעם ביסן ברויט פון מויל אַרויסצורייסן. נאָטע וועט פאַר געלט זיין איינציקע טאָכטער אויך פאַרקויפן. איך פאַרשטיי אַלץ. (צו צירלען.) דיין טאַטע וויל דיר צום יונגאַטש פאַרקויפן און דו ווילסט נישט — דאָס איז די מעשה. איך ווייס עס... איך האָב פאַר אייך קיין מורא נישט. איר וועט מיר מיין ברויט נישט צונעמען!

קריינע (קוקט אים אָן פּלוצלונג): טפוי זאָלט איר ווערן.

(גייט אַרויס פון שטוב.)

צירל (וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיטן פּנים צום פענצטער וויל אויך אַרויסגיין.)

חיים הערש: גיי נאָך נישט אַוועק. וואַרט, איך וויל דיר זאָגן וואָס דו זאָלסט איבערגעבן דעם טאַטן.

קרייסל: איך בעט דיר, חיים הערש, זאָלסט שווייגן. (זי נעמט אַרום צירלען. קושט זי און פירט זי אַרויס פון שטוב.) זיי נישט צו־שראָקן, מיין קינד. קיין בייז זאָל נישט זיין, גיי אַהיים און שרעק זיך נישט. הער נישט וואָס מיין מאַן רעדט.

חיים הערש: זאָלסט שוין יאָ הערן וואָס איך רעד. דו גיי אַהיים און זאָג דיין טאַטן ער זאָל גיין צוריק אויפן בית־עולם קברים גראָבן. און די מיל זאָל ער מיר איבערגעבן, וועל איך אים באַצאָלן פאַר איר. איך בין נאָך גענוג רייך.

(לאַכט.)

קרייסל: חיים הערש, איך וועל מיר אָ מעשה אָנטאָן.

חיים הערש (שרייט אין טיר אַרויס איבער קרייסלס קאָפּ): נישט נאָר איין אומגליק וועט זיך אויף דיין טאַטן אַרויפכאַפּן, דאָס איז נאָר אַן אָנהייב!...

קרייסל: שטום, שטום שוין אַמאָל. —

חיים הערש: זאָל זי גיין פאַר אַלדי שוואַרץ־יאָר. וואָס איז זי געקומען אַהער?

קרייסל (דערלאַנגט אים אַ שיסל וועטשערע): עס, עס, און דריי מיר נישט מיין קאָפּ.

חיים הערש (רוקט אָפּ פון זיך די שיסל): כ׳בין דיר מוחל... וואָס האָבן זיי דאָ געוואָלט?

קרייסל: גאָר נישט.

חיים הערש: זיי האָבן דאָך עפּעס יאָ געוואָלט. ביי איר זענען געווען די אויגן פאַרוויינט דאַכט זיך מיר.

קרייסל: ביסט נאָך ערגער פון נאָטען. אַזעלכע רייד ווי דו האָסט גערעדט קען נאָר אַ מענטש מיט אַ גזלנישע האַרץ.

חיים הערש: אפשר זאָל איך זיי שיקן מיין זון? די מיל שטייט דאָרט, עפּעס איז דאָרט קאַליע געוואָרן.

קרייסל: רעד נישט צו מיר.

חיה (אין פענצטער קוקנדיק): צירל איז צו אונדזער מיל גע־גאַנגען.

חיים הערש (שפרינגט אויף): איך וועל זי פון אַלע טרעפּ אַראָפּ־וואַרפן.

קרייסל: זאָלסט נישט גיין, זאָג איך דיר. איך וועל זיך אַ מעשה אָנטאָן.

(שטעלט זיך אין טיר.)

חיים הערש: לאָז מיר, זאָג איך דיר.

קרייסל: נעם אַ מעסער און צעשנייד מיר מיין האַרץ. איך וועל דיך אָוועקוואַרפן און לויפן אַהין וואו די אויגן וועלן מיר טראָגן.

חיים הערש (וויל אויפמאַכן די טיר וועלכע קרייסל באַשיצט מיט אַלע כּוחות): דו וועסט מיר לאָזן צי ניין?

קרייסל: הרגע מיך, איך וועל דיך נישט לאָזן.

חיים הערש: נישט אַנדערש ביסט משוגע געוואָרן. זע נאָר ווי דו זעסט אויס...

קרייסל: אָדער מיין לעבן אָדער דיין לעבן, איך וועל דיר נישט לאָזן גיין... איך וועל עס אפשר נישט אויסהאַלטן.

(וויינט.)

חיים הערש (גייט אַוועק פון טיר): איך קען שוין זייער שיין אויסזען. אַלע האָבן געמאַכט אַ יד־אחת קעגן מיר.

קרייסל: די קינדער האָבן זיך ליב. זיי קענען איינער אָן דעם אַנדערן נישט לעבן.

חיים הערש: איך וועל אים אַרויסטרייבן ווי דעם משוגענעם הינט.

קרייסל: זי האָט דאָ געוויינט ווי אַ קינד וואָס דער טאַטע וויל זי אַוועקגעבן צו כּאַפּצקלען.

חיים הערש: ביסטו די שדכנטע פאַר דיין קינד? עס וועט נישט זיין!

קרייסל: עס וועט יאָ זיין.

חיים הערש: עס וועט נישט זיין! סיידן מיין קאָפּ וועט ליגן אין דער ערד.

קרייסל: מען וועט ביי דיר נישט פרעגן.

חיים הערש: מען וועט שוין ביי מיר יאָ פרעגן... איך זאָג,

עס וועט נישט זיין סיידן מיין קאָפּ וועט ליגן אין דער ערד. גיי, חיה, זאָג נחן ער זאָל די מינוט פאַרשטעלן די מיל און קומען אין שטוב אַריין.

קרייסל: גיי נישט, מיין קינד.

חיים הערש (וויל נעמען דעם פּאַס...): זאָלסט מיר שוין גיין.

חיה (לויפט אַרויס.)

קרייסל: וואָס ווילסטו האָבן פון מיין לעבן? וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיין לעבן?

חיים הערש: זאָל ער אַהער קומען. איך וועל אים די ביינער צעברעכן, אַזוי וועט עס נישט פאַרבלייבן. אָדער מיין לעבן אָדער זיין לעבן. (קלאַפּט אין טיש.) אָדער מיין לעבן אָדער זיין לעבן.

קרייסל: משוגענער.

חיים הערש: מען קען שוין משוגע ווערן פון אַזעלכע ווייב און קינדער.

קרייסל: גיי עסן.

חיים הערש: איך בין שוין זאַט.

קרייסל: איך פרעג דיר, וואָס איז דאָס קינד שולדיק, אַז איר טאַטע איז אַ רשע? זי האָט דאָ געוויינט, אַז ס'האָט מיר מיין האַרץ געשניטן.

חיים הערש: עס וועט גאָר נישט העלפן. באַלד קומט צו אַלץ אַ סוף. (קוקט אין פענצטער.) אָט אַזוי. ער האָט פאַרשטעלט די מיל.

קרייסל: מיר וועלן שוין זען. מיינסט אַז דו פאַרצאַפּסט מיר דאָס בלוט וועט עס דיר געשענקט ווערן?

(הינטער דער טיר הערט זיך נחס רעדן.)

חיים הערש: מיט וועמען רעדט ער עס?

נח (באַווייזט זיך אין טיר. פירט פאַרן האַנט צירלען): קום אַריין, האָב קיין מורא נישט.

חיים הערש: וועמען פירסטו דאָרט?

קרייסל: קום אַריין, צירל, האָב קיין מורא נישט. איך וועל נישט לאָזן מען זאָל דיר חלילה בייז טאָן.

(קומען אַריין. צירל בלייבט לעבן טיר.)

חיים הערש: קום צו מיר, מיין זון.

נח: וואָס ווילסטו?

חיים הערש: האָסט די מיל פאַרשטעלט? זיי קענען דאָרט מיינען, אַז ביי מיר אין מיל איז שוין נישטאָ וואָס צו טאָן, אַז כ׳האָב שוין חלילה נישט וואָס צו מאָלן. (צו צירלען.) קענסט זאָגן דיין טאַטן, אַז ווען ביי אים וועט שוין פייפן דער דלות, וועל איך נאָך האָבן פון וואָס שבת צו מאַכן.

נח: פאַרוואָס האָסטו געהייסן די מיל פאַרשטעלן?

חיים הערש: ווייל איך וויל דיך מער נישט האָבן פאַר קיין מילנער און איך וויל דיך נישט האָבן פאַר קיין קינד!

נח: איז נישט.

חיים הערש: דיין פוס זאָל דאָ מער נישט זיין!

נח: אפשר וועסטו זיך אָן מיר מאַכן בעסער.

חיים הערש (צו צירלען ווייזנדיק): ווער איז זי דיינע?

נח: זי איז מיינע גאָר נישט.

חיים הערש: איז זי דיינע גאָרנישט, טאָ פאַרוואָס גייט זי אַהער?

נח (שווייגט.)

חיים הערש: וואָס שווייגסטו? איך פרעג דאָך עפּעס ביי דיר?

נח (גאַנץ אומדערוואַרט): איך וויל נישט דו זאָלסט זי פאַרשעמען ווען זי קומט אַהער.

חיים הערש: אַזוי גאָר... נו גוט. איך וויל זי נישט פאַרשעמען... קום צו מיר צירל. האָב פאַר מיר קיין מורא נישט.

קרייסל: אסור וועט דיר זיין, אויב דו וועסט איר אַזעלכס זאָגן...

חיים הערש: מעגסט צו מיר צוגיין.

צירל (גייט צו.)

חיים הערש: אָט זעסטו, מיין קינד איז מיר אַ שונא. איך פרעג אים און ער ענטפערט נישט.

צירל: וואָס האָט איר צו מיר, אויב מיין טאַטע האָט אייך שלעכטס געטאָן?

חיים הערש: רעדסט ווי אַן אַלטער, טאַקע וואָס האָב איך צו דיר...

צירל: גלייבט מיר, אַז איך האָב נישט איין מאָל געוויינט און געקלאָגט, אַז דער טאַטע זאָל עס נישט טאָן.

חיים הערש: און ער האָט דיר נישט געפאָלגט. — זאָג מיר, ווער שיקט דיר אָבער צו פאַרדרייען מיין קינד דעם קאָפּ?

קריינדל: חיים הערש, איך וועל דיך אָוועקוואַרפן.

צירל: איך בין אין דעם נישט שולדיק. איך פאָלג אויך נישט צוליב דעם מיין טאַטן און מיין מאַמען — וואָס קען איך העלפן?...

חיים הערש: גייט ביידע פאַר אַלדי שוואַרץ־יאָר!

נח: איך זאָג דיר, טאַטע, נאָך אַמאָל, אַז איך קען אַליין מיין שטעטל באַשטיין.

חיים הערש: אויב דאָס איז דיין כלה, גיי זיך מיט איר. גיי צו נאָטען. דיין פוס זאָל דאָ מער נישט זיין. איר האָט דאָך שוין ביידע געוויס אָפּגערעדט אַפילו ווען חתונה זאָל זיין...

קריינדל: באַדענק דיר, חיים הערש, וואָס דו רעדסט. האָב גאָט אין האַרצן. גיי מיין קינד, נחל, גיי לאָז די מיל און שטיי נישט דאָ.

חיים הערש (צעשרייט זיך): מען באַדאַרף נישט! איך קען אַליין, אַליין!...

דאָבע (קומט אַריין. בלייבט שטיין לעבן טיר.)

קריינדל: נאַ דיר נאָך אַן אָנשיקעניש. וואָס באַדאַרפסטו איצטער דאָ? ווילסט עסן?

דאָבע: מיינע קינדער ווען וויינען... שרייט נישט...

חיים הערש: טפוי, צו אַלדי שוואַרץ־יאָר זאָל גיין...

דאָבע: איך קען די קברים נישט עפענען.

חיים הערש (ווערט געזועצט): אפשר זאָל מען איר געבן עסן... געטראָפן ווען צו קומען.

דאָבע: איך קען די קברים נישט עפענען: זיי וועלן פון הונגער אויסגיין.

קריינדל (קוועטשט מיט די פּלייצעס): וואָס איז דאָס פאַר אַ קללה? אַ צוגאָב צו מיינע צרות...

**חיים הערש: אַ פּייער זאָל עס אָנצינדן, ווי מען קען זיך נישט אויסבאַהאַלטן... פרעג איר קרייסל וואָס זי וויל דאָ?**

טודרוס (קומט אָן. אין מעל פאַרפּולעט.)

דאָבע (דערזעט טודרוסן, מאַכט זי זיך שטיל אַרויס פון שטוב.)

**חיים הערש: איך וועל שוין דאָ גאָר היינט קיין רו נישט האָבן.**

**טודרוס: אַ גוטער אָוונט!... ווער איז אַרויסגעלאָפן — דאָבע?**

חיים הערש (שטעלט זיך. מיט אַ בייזן בליק ווענדנדיק זיך צו טודרוסן.)

**טודרוס: איך האָב געזאָגט גוטן אָוונט...**

**קרייסל: אַ גוט יאָר.**

**טודרוס: איידער מען הייבט זיך אָן צו קריגן, גיב מיר, חיים הערש, אַ שמעק טאַבאַק.**

חיים הערש (דערלאַנגט אים די פּושקע טאַבאַק): **נו, וואָס וועט איר זאָגן?**

**טודרוס: כ'האָב צייט.**

(קלאַפּט אָפּ די מעל פון היטל.)

**קרייסל: אַ גוט יאָר אויף אייך וואָס איר זענט געקומען אַהער.**

**טודרוס: איך בין געקומען נאָך אַ שמעק טאַבאַק. מיינער איז מיר אויסגעגאַנגען... און צירל...** (גוטמוטיק) **גיי אַהיים, דו חצופה... דער טאַטע האָט דיך אויסגעצוואָגן?**

**קרייסל: אַ שיינעם זון האָט איר אויסגעהאָדעוועט.**

**טודרוס: נישט געשריען, נישט געבייזערט זיך. איך בין געקומען, איך וויל שלום זאָל זיין, אַז מען וועט עס נישט איינלעשן באַצייטנס ווער ווייסט צו וואָס עס וועט נאָך קומען. וואָס געווען איז געוועזן, מען באַדאַרף מאַכן שלום.**

**חיים הערש: דאָס וועט נישט זיין.**

**טודרוס: עס וועט שוין יאָ זיין. נישטאָ זיך איבער וואָס צו קריגן.** (צו צירלען.) **גיי אַהיים. האָסט דאָ נישט וואָס צו זיצן.**

**צירל: איך וועל אַהיים נישט גיין.**

**טודרוס: און דו, נח?... שיינער מענטש, האָסט זיך נישט געקענט**

אַביסל אַרומפּולען... זעץ זיך, חיים הערש, מיר וועלן זיך דורכ־שמועסן.

חיים הערש: כ'האָב נישט וואָס צו רעדן.

טודרוס: איך בין דיר אין וועג אַריין נישט געקראָכן און צו מיר האָסטו גאָרנישט. איך גיי סיי ווי באַלד צוריק אויפן בית עולם.

חיים הערש: בלויז גערעדט.

טודרוס: אָט זעץ דיר אַנידער, וועל איך זיך אויך אַנידערזעצן. גיב מיר נאָך אַ שמעק טאַבאַק, וועט מיר ווערן קלאָרער דער קאָפּ.

קריילס: גיי, חיהלע, ברענג די פלעשל טאַבאַק פאַר רב טודרוסן.

טודרוס: פאַרשטייסטו מיר, וויפל לעבט אַ מענטש? כ'וועל זיך נישט צעשיטן. איז דעריבער וויל איך אַז שלום זאָל זיין. איך האָב גערעדט מיט מיין זון — וויל ער אויך נישט! איז ער אויך אַזאַ עקשן ווי דו — דעריבער זאָג איך, אַז דאָס גלייכסטע איז צו מאַכן אַ שלום און אַן עק זאָל עס נעמען.

חיה (ברענגט אים פון צווייטן צימער אַ פלעשל מיט טאַבאַק.)

טודרוס: ע, חיהלע, דו ביסט אַ גוט מיידל וואָס דו האָסט מיר דאָס פלעשל געבראַכט. כ'וועל מיר שוין אָנשיטן דאָס פּושקעלע... זאָג איך אַז שלום מוז ווערן...

חיים הערש: איך זאָג אַז עס וועט צו גאָרנישט פירן.

טודרוס: געדענקסט ווען דו ביסט נאָך געווען אַ יינגל?

חיים הערש: נו איז וואָס?

טודרוס: איך מיין, אַז דו געדענקסט, וויל איך זאָגן... אַז דיין טאַטע מיט נאַטעס טאַטע, איך מיין שמחה דוד, זאָל זיין אין גן־עדן, האָט מיט טודרוסן אַביסל אַנדערש געלעבט. און ווען נישט איך, ווער ווייסט וואו דו וואָלסט איצטער אָנגעשפּאַרט. איך האָב דיין טאַטן דאָס ערשטע אויסגעהאָלפן אַז ער זאָל זיך קענען אַ שטיבל אויפשטעלן. איך האָב אים ס'פערד געליען ער זאָל קענען דאָס געהילץ אַריבער־פירן. און די שטרוי אויף זיין דאַך האָב איך אַליין געדעקט. איך אַליין מיט מיינע הענט. איך וויל עס דיר זאָגן, אַז דיין טאַטע ליגט אין דער ערד. איך אַליין האָב אים מקבר געווען... איז דעריבער וויל איך, אַז דו זאָלסט מיט מיין זון זיך נישט קריגן.

קריילס (אויס טרערן): גאָט איז מיט אייך. ער האָט אונדז אומ־

גליקלעך געמאַכט. צי האָט אים חלילה געפעלט פּרנסה. וואָס האָט ער זיך אויף אונדז אָנגעזעצט?

חיים הערש (שלעפּט אָפּ אַן ווערטער חיהלען, וואָס האָט זיך לעבן צירלען געזעצט): בין איך שוין געזעצט, אַז ס׳וועט נישט העלפן?

טודרוס: זאָג איך דעריבער, אַז מען באַדאַרף אויסגעפינען אַ פּשרה און קריגן זיך איז נישטאָ וואָס... גיי, נח, כאַפּ זיך אַריבער און ברענג אַהער נאָטען.

נח: ער וועט נישט גיין.

טודרוס: גיי דו, צירל, זאָג דעם טאַטן, אַז איך בין דאָ.

חיים הערש: איך באַדאַרף אים דאָ נישט האָבן.

טודרוס: מען פרעגט נישט ביי דיר! איך וויל עס... יונגאַטש איינער, ווי לאַנג ביסטו נאָך געווען אַ פּיזשיק? אַנטקעגן וועמען האָסטו עס אַ העזה צו רעדן אַזוי?... איך האָב דיין טאַטן און דיין מאַמען צו קבר ישׂראל געבראַכט. צו וועמען רעדסטו אַזוי... דו!

חיים הערש: יאָ, ס׳איז אַלץ אמת וואָס איר זאָגט, ס׳איז אַלץ אמת. פרעג איך אייך אַדרבא, זאָגט מיר, וואו זענט איר געווען ווען ער האָט אָנגעהויבן בויען די מיל?

טודרוס: מסתמא איז עס צום גוטן געווען... און איך וויל, אַז אַ שלום זאָל ווערן... געזען אַ מאָל ס׳זאָל נישט זיין וועמען אַריבער־צושיקן ברענגען נאָטען אַהער. גיי דו, חיהלע, כאַפּ זיך אַריבער זאָג מיין שנור, אַז איך רוף זי אַהער.

קרייסל: זי איז דאָ נאָר וואָס געווען.

טודרוס: ווער, קריינע? כ׳מע... און איך האָב עס גאָר נישט געוואוסט.

קרייסל: זי איז דאָ געווען. האָט אַזאַ פינצטערן מזל ווי איך.

טודרוס: הער זיך איין, נח. זיי אַ מענטש, גיי כאַפּ זיך אַריבער און ברענג אַהער נאָטען. דו קענסט דאָך אַזוי גוט וואַרפן שטיינער אין די שויבן, יונגאַטש איינער... גיי שוין גיי רוף אים.

קרייסל: גאָט איז מיט אייך, ער קען דאָך אים אויף די אויגן נישט לאָזן.

טודרוס: קיין בייז זאָל נישט זיין. פאַר נחן איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן.

חיים הערש: איך וועל גיין לאָזן די מיל.

טודרוס: לאָז געמאַך. זיי נישט קיין עקשן. ווען דו וואָלסט זיך נישט איינגעשפּאַרט וואָלט עס שוין אַנדערש געווען. מיט נאָטען קען מען נאָך אויסקומען. נאָטע האָט נאָך אַ טאָטן, האָט נאָך דרך־ארץ; און דו שקאָץ איינער — האָסט קיין טאָטן נישט, האָסטו נישט פאַר ווע‌מען מורא צו האָבן.

חיים הערש: אומזיסט אייערע רייד, עס וועט גאָר נישט אַרויס־קומען. גיי, נח, לאָז די מיל.

קריילס: גיי, מיין קינד, אפשר וועסטו קענען ברענגען נאָטען אַהער; איך האָב שוין קיין כּוח נישט אויסצוהאַלטן.

טודרוס: גייט, קינדער. גייט אַלע דריי. ברענגט אַהער נאָטען מיט מיין שנור. און טאָמער איז נאָך דאָרט פאַראַנען דער... זאָגט אים, אַז ער קען בלייבן זיצן דאָרטן... אָט אַזוי, קינדער, גייט...

(צירל, נח און חיה גייען אַרויס.)

חיים הערש: נו, אַנגעזעצט אויף מיר, טפּוי זאָל עס ווערן!

טודרוס: טפּוי זאָלסטו ווערן, שנעק דו איינער!... אַז איך זאָג שלום, וועט דאָך שוין מסתּמא זיין ווי איך זאָג... פאַרשטייסטו, אַז ביי דיין טאָטן איז שוין פאַרטיק געווען די שטוב איז נאָך קיין אָנהייב פון קיין שטאָל אַפילו נישט געווען. אונטער אַ שטיקל דאַשעק איז דער פערד געשטאַנען און אונטער דעם אייגענעם צעבראָכענעם דאַשעק איז די בהמה אויך געשטאַנען. ס'האָט שוין אָנגעהויבן גיין צו ווינטער און ס'איז נישט געווען וואו די „שטיקלעך" אַהין צו טאָן. מיינסטו גוט איז עס געווען? די בהמה זיך געקעלבט ביי מיר אין שטאָל. דאָס קעלבל צו זיך אין שטוב אַריין גענומען. די מאַמע פלעגט קומען צו מיר אין שטאָל אַריין די בהמה מעלקן... און אַז ס'האָט אויסגע־פעלט האַלץ אויף שבת דעם אויוון צו הייצן...

חיים הערש: ווילט איר, איך זאָל עס אייך איצטער אַרויסצאָלן?... זאָגט, וויפל עס קומט אייך.

טודרוס: איך בין רייכער פון דיר, דו גאָרנישט, איינער! וואָרעם איך וועל שוין באַלד זיין מיט אַלץ באַזאָרגט... איך וויל עס דיר נאָר דערציילן כּדי דו זאָלסט וויסן, אַז יעמאָלט האָט מען זיך נישט געקריגט נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

חיים הערש: אַ שיינער נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

קרייסל: ווי קענט איר עס גאָר פון אייער מויל אַרויסזאָגן?

טודרוס: איך האָב געזאָגט, אַז מען באַדאַרף נישט, האָט מען מיר נישט געפאָלגט. כ'האָב געזאָגט, אַז קברנות איז אַ זיכערע פּרנסה. נישט אויסקוקן ביז דער ווינט וועט מוחל זיין צו בלאָזן. שטאָט וויל אים נאָך איצטער אויך נישט אָפּלאָזן. זינט ער איז אַוועק שפּרינגען דאָרט די מתים צווישן די קברים אַרום... האַנדלען מיטן ווינט... און דער עיקר איז...

(ער קוקט אין פענצטער.)

חיים הערש (קוועטשט מיט די פּלייצעס צום אַלטן קוקנדיק, ווי איינער זאָגט: „וואָס וויל ער דאָ האָבן פון מיר?"

קרייסל: זיי גייען שוין?

טודרוס: דער גוטער יאָר ווייסט אים; איך זע נישט.

חיים הערש: וואָס וויל נאָך דאָס מיידל האָבן פון מיין קאָפּ?

טודרוס: דאָס מיידל איז טייערער פון דיר מיט דיין מיל אין איינעם. דאָס איז מיין גאַנצע הרחבה אין לעבן. נאָר צוליבן מיידל בין איך אַהער געקומען און כ'וואָלט וועלן אַ שלום מאַכן. ער האָט זי היינט געשלאָגן דער יונגאַטש. ווי הייבט מען עס אויף אַ האַנט אויף אַזאַ ליכטיק קינד?

קרייסל: ער האָט דעם זון היינט אויך געוואָלט שלאָגן.

טודרוס: וואו האָבן זיי זיך עס אויסגעלערנט? צי האָב איך אַמאָל כאָטש אויף נאָטען אַ פינגער אַרויפגעלייגט? צי האָט דיך דען אַמאָל דיין טאַטע געשלאָגן? פונקט ווי אין אַ וואַלד איז עס אויסגעוואַקסן...

חיה (קומט אַריין): זיי ווילן נישט גיין.

טודרוס: ווילן נישט גיין? וואו זענען די קינדער?

קרייסל: וואו איז נח?

חיה: ער גייט אַהיים. צירל איז אין שטוב נישט אַריינגעגאַנגען.

טודרוס: טאָ ווער דען האָט מיט נאָטען גערעדט?

חיה: נח איז אַריינגעגאַנגען.

קרייסל: נח איז אין שטוב געווען?

חיה: איך האָב געזען דורכן פענצטער.

טודרוס: פאַרוואָס ביסטו אַליין אַהין נישט אַריינגעגאַנגען?

חיים הערש: נישטאָ וואָס צו מאַכן.

(ס'איז צו מערקן אַז אים אַליין פאַרדריסט וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזן.)

טודרוס: דאָס איז אין דער האַלבער וועלט נישט געהערט געוואָרן, קינדער זאָלן אַ טאַטן צו די עלטערע יאָרן אַזוי פאַרשוואַרצן זיינע טעג...

קרייסל: זאָל איך אפשר גיין? וואָס זאָגסטו, חיים הערש?

חיים הערש (שווייגט.)

טודרוס: דאָס גלייכסטע וואָלט געווען, אַז דו, קרייסל, זאָלסט אַריבערגיין.

צירל (לויפט אַריין אין שטוב און וואַרפט זיך צום אַלטן): זיידע, זיידע, לאָזט נישט; ער יאָגט מיר נאָך... ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין דאָ געווען...

קרייסל: וואו איז ער?

טודרוס: וואו איז ער? כ'וועל צו אים אַלע בייזע חלומות אויסלאָזן.

נח (קומט אַריין בלאַס און אויפגערעגט.)

קרייסל: דו ביסט דאָרט געווען? נו...

נח: ער האָט זיך גאָר געכאַפט שלאָגן, ער מיינט אַז...

נאָטע (קלאַפט אין פענצטער, שרייט): זאָלסט מיר פון דאָרט אַרויסגיין! אַהיים זאָלסטו מיר גיין!

טודרוס: קום אַריין, נאָטע. קום אַריין, יונגאַטש דו.

קרייסל: אין גאָטעס ווילן, וואָס האָט איר צום קינד? קומט אַריין.

טודרוס: גיי דו אַרויס, קרייסל, און ברענג אים אַריין. פאַרשטייסט, אַז איך וועל אַרויסגיין איז די זאַך פאַרפאַלן.

חיים הערש (לויפט אין צווייטן צימער.)

טודרוס: וואָס אַנטלויפסטו, חיים הערש? דאָ בלייב. היינט וועט עס נעמען אַן עק.

קרייסל (זי גייט אַרויס. ס'הערט זיך הויך רעדן דרויסן.)

צירל (טוליעט זיך צום אַלטן.)

טודרוס: וואָס ציטערטסטו אַזוי, דו ציג איינע? דיין טאַטע איז נאָך נישט אַזוי שלעכט ווי דו מיינסט. אַז עס מאַכט זיך אַ פּגע־רע קערט ער אויס די טעפּלעך.

צירל: זיי גייען אַלע אַהער.

טודרוס: קום אַרויס, חיים הערש, וואָס האָסטו זיך באַהאַלטן?

(קרייסל און קריינע ברענגען אַריין מיט געוואַלד נאַטען.)

נאַטע: נו שוין, אַט בין איך שוין דאָ... נו נעמט באַגראָבט מיך.

קריינע (צו צירלען): מיין קינד, ווי ווילסטו עס אַזוי אַ מאַמען פאַרקירצן די יאָרן?

נאַטע (פאַרמעסט זיך צו צירלען מיט אַ פינגער): איך וועל דיר נאָך ווייזן וואָס אַ טאַטע איז...

טודרוס: מען ווייסט שוין וואָס פאַר אַ טאַטע דו ביסט, און וואָס פאַר אַ טאַטע חיים הערש איז. אַזאַ... נאָר כ'וועל אייך נישט שעלטן.

נאַטע: וואָס ווילסטו פון מיר, טאַטע?

טודרוס: איך וויל מאַכן אַ שלום.

נאַטע: האָט מען מיך אַהער געבראַכט? קראַנק איז ער צו קומען צו מיר?

חיים הערש (אין טיר פון צווייטן צימער): איך האָב נאָך דיר נישט געשיקט און כ'באַדאַרף קיין שלום נישט.

קריינע: מיר ווינטשן אייך קיין בייז נישט, חיים הערש.

חיים הערש (קריגעריש): איך וויל פון דעם נישט וויסן.

טודרוס: אויב מען וועט אַריינלאָזן אין דער לאַנגער באַנק וועט פון דעם קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

קרייסל: מען וועט נאָך חלילה אויפן פייער אַרויפקומען.

נאַטע: ברענען איז ברענען.

חיים הערש: אויב ברענען, איז ברענען.

קרייסל: מיינע שונאים זאָלן ברענען.

קריינע: איך בין אייך קיין שונא נישט.

טודרוס: שטייט נישט ווי די הענער אנגעבלאָזן. זאָל מען זיצן און רעדן ווי מענטשן. וואָס ס'איז געווען — איז געווען, טאָמער וועט איינער דעם אַנדערן באַדאַרפן אַרויסצאָלן — וועט מען אַרויסצאָלן. און אַ שלום זאָלן ווערן.

נאָטע: וואָס ווילסטו, טאַטע? לאָמיר הערן.

טודרוס: זעץ זיך, וועסטו הערן.

חיים הערש: גיי, נח, לאָז די מיל; איך קום באַלד אַרויס.

טודרוס (מיט כעס): דו יונגאַטש איינער, איך וויל דיר די ביינער צעברעכן, וואָס ווילט איר פון אַן אַלטן טאַטן — באַגראָבן פאַר דער צייט? איך וועל מיר נישט לאָזן!

קרייסל: געזונט זאָלט איר נאָר זיין, רב טודרוס.

קריינע: וואָרעם ער איז דען נישט גערעכט?

טודרוס: געזען אַמאָל, מען קען זיך מיטן ווינט נישט צעטיילן... די וועלט איז קליין.

חיים הערש: גענוג גערעדט, וואָס ווילט איר?

טודרוס: דערלאַנג, קרייסל, צום טיש בראָנפן, אויב דו האָסט.

קרייסל: ס'איז פאַראַנען; ווייסט ווי דען?

טודרוס: לויף, צירל, אַהיים און ברענג די פלאַש בראָנפן.

נאָטע (שטייט אויף): פון דיינע פלענער, טאַטע, וועט גאָר נישט אַרויסקומען.

צירל (זי ציט אין דער שטיל אַרויס חיהן פון שטוב. פאַרשווינדן.)

טודרוס: דו, נח, גיי אַרויס פון שטוב אויף אַ ווײַלע; מען באַדאַרף דיך איצטער נישט האָבן. (צו נאָטען.) זיץ איין אויף אַן אָרט, זיץ...

נח (גייט אַרויס.)

טודרוס (צו נאָטען און חיים הערשן, וואָס זיצן ביים טיש מיט די פלייצעס איינער צום אַנדערן אָנגעבלאָזן): איצט, מיין זון, הער וואָס איך זאָג דיר. און דו, חיים הערש, הער וואָס מען רעדט צו דיר. אייער מחלוקת איז צו ווייט פאַרגאַנגען. עס געפעלט מיר נישט. איך בין אויך אַן עקשן, אָבער עקשנות באַדאַרף דאָך האָבן אַ גרענעץ. קינדער באַדאַרפן נישט ליידן פון טאַטע־מאַמעס עקשנות. איר הערט וואָס

מען רעדט צו אייך ? יענער דאָרט, כאַצקל, האָב אים אַ גוט יאָר — ער האָט דיך אין אַ בלאָטע פאַרפירט, מיינענדיק צירלען צו באַ־קומען... זי האָט אָבער ליב נחן. ס׳איז איר זאַך. קענסטו נישט העלפן. יענער איז רייך ? האָב אים אַ גוט יאָר. ווער ווייסט נאָך בעסער פון אַ קברן וואו אָרעם און רייך ליגן ? כע־כע !

נאָטע: ס׳וועט דערפון גאָר נישט זיין, טאַטע.

חיים הערש: דערפון וועט גאָר נישט אַרויסקומען. זאָל גיין ווי עס גייט.

קריינע: און אייער קינד ?

חיים הערש: פאַר מיין קינד זאָל אייך נישט אַרן.

קרייסל (אויס טרערן): וואָס אַרט זיי טאַקע פאַר די קינדער ? די קינדער גייען אויס ווי ליכט.

טודרוס: איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, נאָטע, און דו, חיים הערש, איר זאָלט אָוועקוואַרפן אייער עקשנות.

חיים הערש: איך האָב נישט קיין עסקים מיט קברנים.

טודרוס: שעמען זאָלסטו זיך אין דיין וויטן האַלדז אַריין.

נאָטע: וואָס ווילסטו פון מיר, טאַטע ? די גאַל וועט אי־ מיר פּלאַצן.

קריינע: באַדענק דיר, נאָטע.

קרייסל: חיים הערש, איך האָב שוין קיין כח נישט. דער סוף וועט זיין, אַז עמיצער פון אונדז וועט נאָך חלילה מיטן פייער אָוועק־גיין. יענער יונגאַטש וועט נאָך מענטשן דינגען, אַז מען זאָל אונדז אונטערצינדן.

צירל (קומט מיט אַ פלאַש בראָנפן. דערלאַנגט דעם אַלטן אין דער שטיל. חיה גייט איר נאָך.)

טודרוס (שטעלט די פלעשל אויפן טיש. דער עולם קוקט אויף איר און שווייגט.)

קריינע (דערלאַנגט גלעזלעך צום טיש.)

טודרוס: וואו איז נח ?

קרייסל (רופט): נחל, וואו ביסטו ?

נח (קומט אַריין): וואָס באַדאַרפט מען מיך ?

קרייסל: זיי אין שטוב.

טודרוס: איצטער, קינדער, פאָלגט אַן אַלטן טאַטן. הערט זיך איין מיט קאָפּ. אויב וועל איך זאָגן אַ קרומע זאַך וועט איר מיר נישט פאָלגן, האָט איר פּראָוו... (מיט ציטריקע הענט גיסט ער אָן די גלעזלעך.) נעם, נאָטע, ס'איז דיין בראָנפן. נעם מאַך אַ ברכה... לחיים, זאָל גאָט געבן, אַז עס זאָל שוין גיין כשורה. נו, חיים הערש, לחיים, טרינק אויס, ס'איז נישטאָ קיין צייט. מען באַדאַרף די מילן לאָזן. די מילן שטייען. (דער עולם טרינקט ניט. די גלעזלעך שטייען אָנגעגאָסן אויפן טיש.) נו וועל איך אַליין טרינקען. אין דער מיל וואָס מען האָט אויסגעבויט, איך מיין אין דער נייער מיל, וועט מען אַריינ־זעצן נחן מיט צירלען. אַזוי וועט עס בלייבן.

(דער עולם שווייגט. קוקן זיך דורך שוויגנדיק.)

נאָטע: דאָס וועט נישט זיין.

חיים הערש: אַ נעכטיקער טאָג!

קריינע: חיים הערש, איך האָב צו אייער קינד, חלילה, גאָר נישט. אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פּאַר אַ קינד איר האָט.

קרייסל: ס'הארץ איז מיר פריער צעריסן געוואָרן קוקנדיק אויף איר ווי זי האָט נעבעך געוויינט מיט ביטערע טרערן.

טודרוס: איר האָט זיך האַלט, קינדער, זאָגט עס אייערע טאַטעס, זאָלן זיי וויסן. — איך זאָג, אַז מען זאָל די קינדער אַריינזעצן אין דער מיל און מיר וועלן צוריק גיין אויפן בית־עולם. שטאָט וויל אונדז און אים וועט מען דאָס געלט אָפּגעבן.

נח: איך אַליין וועל אים דאָס געלט צוריק אומקערן.

טודרוס: אָט האָסטו דו שוין.

קרייסל: וואָס שווייגט איר, נאָטע?

קריינע: זאָל חיים הערש זאָגן אַ וואָרט.

טודרוס: עלטערן מיט קינדער וועלן זיך צוליב פּרנסה נישט שלאָגן. איר וועט זיי העלפן און מיר וועלן זיי העלפן. און שלום זאָל זיין. זאָגט קינדער אַז איר האָט זיך האַלט.

(דער עולם זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. שווייגט.)

נאָטע (שטייט אויף, נעמט פון טיש צוויי גלעזלעך בראָנפן. ער

דערלאַנגט איינס צו חיים הערשן): נו, חיים הערש, זיי קיין עקשן נישט. וואָס געווען איז געווען. מסתמא איז דאָך עס פון גאָט.

חיים הערש (נעמט די גלאָז, בלייבט נאָך אַלץ אַזוי זיצן.)

טודרוס: נו, וואָס? נאָך אַלץ אָנגעבלאָזן?

נאָטע (ווינקט צו צירלען. ער קוקט זי אָן): נו, האָב איך עס אַ טאָכטער...

חיים הערש: נישט בעסער פון מיין זון.

טודרוס: לחיים, לחיים!

אַלע אינאיינעם: „לחיים, לחיים!"

קריינע און קרייסל (קושן זיך. שרייען): מזל טוב! מזל טוב!

חיה (פאַרשטייט שלעכט וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר זעענדיק אַז די גרויסע זענען שלום געוואָרן טאַנצט זי פאַר שמחה, און שרייט): מזל טוב! מזל טוב!

